ח. ש. קאַזדאַן

# די לעצטע תקופה אין איציק מאַנגערס לעבן און שאַפן

(1939—1969)

ח. ש. קאַזדאַן

# די לעצטע תקופה
# אין איציק מאַנגערס
# לעבן און שאַפן

(1969 – 1939)




מעקסיקע - שטאָט 1973

CHAIM S. KAZDAN

# *El Ultimo Período en la Vida y Creación de Ycek Manger 1939-1969*

## :-: *Ensayos Literarios* :-:



EDICION DEL
"FONDO MENDELSON"
DE LA
"SOCIEDAD PRO CULTURA Y AYUDA"
MEXICO, D. F. 1973

IMPRENTA MODERNA PINTEL, S. A.
Teléfonos: 578-47-53 y 578-04-92
Dr. Garciadiego 28 México. 7, D. F.

## אי ך ד אַ נ ק

דעם „שלמה מענדעלסאָן־פֿאָנד“ אין מעקסיקע, וואָס האָט איבער־גענומען אויף זיך דאָס אַרויסגעבן מײַן בוך. אַ באַזונדערן דאַנק מײַן חבר י. ראָטנבערג פֿאַר זײַן זאָרגפֿולער השגחה איבער דער אויסגאַבע.

## אי ך ד אַ נ ק

געניע מאַנגער פֿאַר איר מיטאַרבעט. זאָל מײַן בוך זײַן פֿאַר איר אַ טרייסט און אַ פֿאַרלייכטערונג אין איר אבלות.

## אי ך ד אַ נ ק

פֿאַר העלפֿן מיר מיט אינפֿאָרמאַציעס און מאַטעריאַלן די פֿרײַנד: י. דלוזשנאָווסקי, יוסף לעפּטוויטש, מלך און רחל ראַוויטש, משה קנאפּהייס, יעקב מייטלים, י. האָרן, שיע טענענבוים, שלום ראָזנ־פֿעלד, דאָן דייווין, יואל צאנג, דינה האלפּערן, יחזקאל ליפּשיץ.

## אי ך ד אַ נ ק

דער ייִוואָ־ביבליאָטעק, דעם בונדישן קורסקי־אַרכיוו, די זשורנאַלן „וועקער“, און „צוקונפֿט“ פֿאַר זייער מיטאַרבעט.

## אי ך ד אַ נ ק

דעם ייִדישן לערער־סעמינאַר, ד״ר ג. וויינער, שלום ראָזנפֿעלד פֿאַר זייער בײַשטייער צו די הוצאות פֿון דער אויסגאַבע.

## אי ך ד אַ נ ק

דעם חבר הענריק בורשטין, געוועזענער קאַצעטלער 122705 פֿאַר זײַן פֿאַכמענערישער און קינסטלערישער הילף בײַם צוגרייטן אַלע פֿאָ־טאָגראַפֿיעס פֿון בוך.

מעקסיקע, יולי 1973

ח. ש. קאַזדאָן

# וואָרט אַ פריער

27 יאָר איז איציק מאַנגער אַלט געווען, ווען ער איז גע־קומען קיין װאַרשע. דאָ איז ער פאַרבליבן ביז פאַרן אָנהייב פון צווייטן וועלט־קריג. „מײַנע צען יאָר פּוילן, האָט ער גע־זאָגט, זײַנען געווען מײַנע בעסטע יאָרן". אָבער די 10 יאָר פון זײַן ווײַטערדיקן לעבן, 1940־1950, זײַנען געווען שווערע, טראַגישע יאָרן: פיזישע און גײַסטיקע לײַדן, יאָרן פון אַנטוי־שונג, פאַרצווייפלונג, אײַנזאַמקייט. עס איז געווען אַ קנויל פון פערזענלעכן, ליטעראַרישן און נאַציאָנאַלן טראַגיזם און קריזיס.

⁂

מײַן אַרבעט וואָס איך ברענג דאָ צום לייענער, איז אין תּוך אַ צווייטער טייל פון מײַן פריערדיקן בוך „איציק מאַנגער". יענער בוך איז בעיקר אַ קריטיש־ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונג — וועגן די אייגנשאַפטן פון א. מאַנגערס שאַ־פונג, וועגן זײַנע גרויסע קינסטלערישע דערגרייכונגען פאַר דער יידישער ליטעראַטור. מײַן איצטיקער בוך — „די לעצטע תּקופה אין א. מאַנגערס לעבן און שאַפן" — איז אַ ביאָגראַ־פיש־ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונג. אויפן גרונט פון שמועסן, בריוו, פּרעסע־מאַטעריאַלן באַהאַנדל איך די ביאָגראַפישע עטאַפּן פונעם דיכטערס לעצטע 30 יאָר פון זײַן לעבן. געאָגראַפיש נעמען זיי אַרום עטלעכע לענדער: פּאַריז, אַלזשיר, לאָנדאָן, דאָס נאָך־מלחמהדיקע פּוילן, קאַנאַדע, ניו־יאָרק, מדינת ישר־אל. נײַע סביבות, נײַע קרײַזן. דער חורבן פון פּוילישן יידנ־טום דריקט און פאַרפּאַלגט אים. ער האָט פאַרלוירן זײַן גאַנצע משפּחה. די דיכטערישע ווערק, וואָס א. מאַנגער האָט גע־

שאַפן אין יענע יאָרן, זיינען דער דירעקטער רעזולטאַט פון יענע איבערלעבונגען.

אָבער אין די אַלע יאָרן בלייבט ער דיכטער, פּאָעט און שריפטשטעלער. מיין בוך פאַרמעסט זיך דעריבער צו ווייזן די וועגן און פאָרמען פון זיין שאַפונג אין דעם גאַנצן פּעריאָד, זיינע פּאָעטישע און ליטעראַרישע עקספּערימענטן און דער־גרייכונגען אין יענע יאָרן. הויך־קינסטלעריש רעאַגירט ער אויף דעם חורבן־פּוילן, אויף די מעשים רעים פון די נאַצים. אין אַלץ וואָס ער שרייבט אין יענעם פּעריאָד פאַרבלייבט ער דער ריטער פון באַלאַדע און סאָנעט, אַלץ איז מאַנגעריש־ליריש. זיין סטיל און שפּראַך גלאַנצן מיט שיינקייט און ריינקייט. אין אַ באַזונדער קאַפּיטל באַהאַנדל איך צענדלי־קער לידער פון יענער צייט און אַנאַליזיר זייער קינסטלערישן ווערט.

עטלעכע קאַפּיטלעך אין בוך דערציילן וועגן די ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן אין ניו־יאָרק, אין די 1940ער יאָרן. די האַנדלונג און די באַציאונג פון ניו־יאָרק לגבי מאַנ־גערן ווערט אַ צענטראַלע טעמע פון אַ גרויסן עפנטלעכן וויכוח. אין דער גרויסער אַלגעמיינער יידישער טראַגעדיע — ווערט דער גורל פון אַ יידישן דיכטער פאַרטונקלט און צעריבן. כמעט אַלע אַנטיילנעמער אינעם דאָזיקן גרויסן וויכוח זיינען שוין היינט אויפן עולם האמת. איך פּאָלעמיזיר נישט מיט קיינעם, איך פאַרנעם זיך ניט מיט אַפּאָלאָגעטיק פאַר א. מאַנגערן, איך באַמי זיך צו געבן אַן אָביעקטיווע באַ־שרייבונג פון יענעם מאַנגער־פּראָבלעם. דער ענין איז געווען ווייטיקלעך, דראַמאַטיש.

די לעצטע צען יאָר פון אַ מאַנגערס לעבן האָבן אים געבראַכט טריאומף פון אָנערקענונג און ליבשאַפט. דאָס איז געווען דאָס שלום־וואָרט אינעם מאַנגער־וויכוח, דאָס איז געווען דער שיינער סך־הכל פון זיין לעבן און שאַפן בכלל. דאָס האָט געשאַפן טרייסט און כבוד פאַר דער יידישער ליטעראַטור.

## פּאַריז-אַלזשיר (1939-1938)

אין זיין שמועס מיט איציק מאַנגערן דערציילט י. פּאַט: „ער איז געווען אין פּאַריז, ווען זי איז פאַרנומען געוואָרן דורך די נאַציס. ער האָט דעמאָלט פּרובירט פאָרן אומלעגאַל אין ארץ-ישראל, ער האָט אָבער ניט געקענט באַקומען די נויטיקע סערטיפיקאַטן. ער האָט געזוכט שיפן, לעגאַלע און אומלעגאַלע, געוואָלט פאָרן ווי אַ מאַטראָס, ווי אַ שיפדינער. ער איז געזעסן אין מאַרסעל, אין אַ קאַפע-הויז, אַ פאַרצווייפלטער. פרעגט אים אַ פרעמדער מענטש ביי אַ גלאָז ווייַן: — מענטש, וואָס ביסטו אַזוי פאַרצווייפלט? ענטפערט ער אים: זעסט דאָך ווי פראַנקרייך זעט אויס... אָט די באַגעגעניש אין אַ קאַפע-הויז אין מאַרסעל מיט אַ פראַנצויזישן שיפס-קאַפּיטאַן, וואָס האָט געפירט אַמוניציע קיין אַפריקע, קיין אָראַן, האָט דורך גילגולים און וואַנדערונגען אים געפירט צו די שפּאַנישע וואַסערן, צום גיבראַלטאַר, צו נייטראַלע האַפנס. ער האָט געהאַט לאַנגע האַרץ-געשפּרעכן מיטן קאַפּיטאַן, וואָס איז אויך געווען גייסטיק צעבראָכן צוליב פראַנקרייכס מפּלה, צוליבן אָוועקגעבן פראַנצויזישע שיפן די נאַציס. דער קאַפּיטאַן האָט דעמאָלסט געדינט ענגלאַנד מיט געהיימע ידיעות וועגן די פראַנצויזישע שיפן. לכתחילה האָט ער אויפגענומען מאַנגערן אויפן שיף צו טאָן שווארצע אַרבעט. ווען ער האָט זיך אָבער מיט אים בעסער באַקענט, האָט ער אים געזאָגט: דיין אויפגאַבע איז צו באַשרייבן, דערציילן. אַזוי איז ער אַריינגעפאַלן אין ענגלאַנד".

במשך די עטלעכע חדשים אין פּאַריז, ביזן אויסברוך פון דער מלחמה, און שפּעטער ביז ער האָט דערלעבט אַרויפצוגיין אויף דער שיף אין מאַרסעל, האָט א. מאַנגער זיך אָנגע-

ליטן זייער אַ סך — הונגער, לעגאַלע אומזיכערקייט, גע־וואַלגערט זיך, אויסגעשטאַנען אַלערליי אַפּקומענישן.

„אין יענעם קורצן צייט-אָפּשניט, דערציילט מ. דלוזשנאָוו־סקי, האָט מאַנגער געלעבט אין גרויס דחקות אין פּאַריז, הגם ער האָט דאָרט געהאַט אַ סך פריינד. זלמן שניאור וואָס האָט געוווינט אין אַ ווילע הינטער פּאַריז, האָט שטאַרק ליב געהאַט מאַנגערן, געהאַלטן עולם ומלואו פֿון זיין פּאָעזיע, און האָט אים געהאָלפן.

„ער פלעגט אָפט פאַרבעטן מאַנגערן צו זיך אין דער ווילע און מיך געבעטן מיטקומען מיט אים, ווייזן דעם וועג. ביי דער אָוונט-סעודה, וואָס שניאור האָט ברייטלעך געמאַכט, פלעגט ער אַרויסברענגען פון קעלער עטלעכע פלאַשן אַלטן ווייו און מכבד געווען זיינע געסט, דער עיקר מאַנגערן.

„מאַנגער האָט געוווינט אין אַ זייער קליין, ענג און אָרעם צימערל. גאַנצענע טעג איז ער געזעסן אין דער באַקאַנטער קאַפע „טענען" וווּ עס פלעגן אַריינקומען אַלע יידישע שריי־בערס, מאָלערס, סקולפּטאָרן. זיי פלעגן דאָ קומען מיינסטנס אין די אָוונטן, אָבער מאַנגער איז דאָ געזעסן גאַנצענע טעג ממש אַליין. ביי טאָג איז די קאַפע געווען ליידיק און די טעראַסע פון דער קאַפע איז געווען וויניק באַזעצט. מאַנגער איז תמיד געזעסן אינעווייניק.

„ער איז געווען כסדר אין אַ געררייצטער שטימונג, פאַר־ביסן, געשוויגן אַ סך. ער האָט זיך אין יענער צייט דערנערט פון האַלטן רעפעראַטן, זיין הויפּט-טעמע איז געווען: פאָל ווערלען און זיינע פּאָעטישע שאַפונגען. מאַנגער איז אויך אַ סך מאָל געפאָרן אויף דער פּראָווינץ, ווו מען האָט אים איינגעלאַדן צו האַלטן רעפעראַטן. האַרט פאַר דער מלחמה איז מאַנגער איין מאָל פאַרבעטן געוואָרן קיין מעץ, צו האַלטן אַ רעפעראַט. ער האָט זיך דאָרטן פאָטאָגראַפירט ווי ער שטייט ביים מאָנומענט פון פאָל ווערלען. מיט שטאָלץ האָט ער אונדז אַלעמען אין פאַריז געוויזן די פאָטאָגראַפיע: ער דער יידישער פּאָעט און דער קאַלטער שטיין פונעם גרויסן פראַנצויזישן פּאָעט אין דער אַלטער שטאָט מעץ, דאָס וויגעלע

פֿון יידן אין לאַטארינגען. מאַנגער האָט תמיד געפֿילט עפּעס אַ פּאַעטישע, גייסטיקע שותּפֿות און טיפֿע קרובהשאַפֿט צו דעם פּאָעט-ציגיינער פֿאַל ווערלען — צוליב זיינע וויזיאָנע-רישע לירישע אויסברוכן, קרענקלעכער שענקייט, טרויער איבער פֿאַרלוירענע וועלטן. מאַנגער האָט תמיד ציטירט און געזאָגט שטיקער ווערלען פֿאַר זיך אַליין און אפֿשר, כּדי צו שטילן זיין אייגענעם טרויער און בענקשאַפֿט.

„מאַנגערס דחקות איז געווען אין לשער. איין מאָל אַן אָוונט האָט מען געלאָזט וויסן, אַז מאַנגער איז קראַנק. עט-לעכע שרייבער זיינען מיר אַרויף צו אים. דאָס צימערל איז געווען גרוי און טרויעריק אָפּגעשליסן, אַזש עס האָט געטריבן פֿון דאָרטן. מאַנגער איז געלעגן אויף אַ קליין בעטל און געקוקט אויף אונדז מיט בעטנדיקע אויגן.

„ער איז זעלטן געווען אויפֿגעלייגט, אָבער דערציילט וווּנ-דערלעכע מעשׂיות און געהאַט אַ זעלטענעם הומאָר. עס איז געווען מיט אים תּענוג צו זיצן אין קאַפֿע עטלעכע שעה און זיך צוהערן צו זיינע מילתא בדיחותעס. ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן און פּאַריז איז געווען באַינאַכט אין אַ פֿינצטער-ניש, און ביי טאָג אַפֿילו האָט מען צוביסלעך מורא געהאַט אַריינצוגיין אין אַ קאַפֿע און זיצן און רעדן, דעמאָלט האָט זיך פֿאַר מאַנגערן אָנגעהויבן נאָך אַ שווערערע צייט. אין יענע עטלעכע חדשים ביז די דייטשן זענען אַריין אין פּאַריז, פֿלעגט מען זיך אָפֿט צונויפֿטרעפֿן ביי דעם דיכטער דוד פֿליסקין אין הויז. מאַנגער האָט דאָרטן ממש געהאַט זיין היים, פֿליסקין מיט זיין פֿרוי האָבן אים צוגעזען, אַכטונג געגעבן אויף אים ווי אַ קינד, געגרויסט זיך וואָס מאַנגער איז אין זייער הויז אַן אייגענער. דוד פֿליסקין האָט געשריבן קינדער-מעשׂהלעך אין פֿערזן. מאַנגער האָט אים זייער ליב געהאַט און אויס-געהערט זיינע לידער מיט געדולד און ערנסטקייט. מיר האָבן פֿליסקינען געקענט אַלס איינעם פֿון די האַרציקסטע מענטשן פֿון אונדזער שרייבער-משפּחה אין פּאַריז. און אַזוי זיך שמייכלענדיק און שווער האַרעווענדיק ביי שניידעריי, האָט ער אַרויסגעגעבן זיינע דינע ביכלעך לידער, מיט ראָזעווע שער-בלעטער. און געשריבן האָט פֿליסקין זיינע לידער און

לידעלעך מיט דער דינסטער צאַרטקייט, מיט אַ וואַרעמער פרומקייט און מיט מוזיקאַלישן ריטעם. ווען ניט פליסקין, וועך ווייסט צי מאַנגער וואָלט געקענט איבערטראָגן די עטלעכע חדשים פון דעם דייטשם איבערפאַל אויף פוילן און ביז זיין אַריינרייסן זיך אין פאַריז. מאַנגער וואָלט חלילה געווען אויסגעגאַנגען פון איינזאַמקייט, טרויער. ער וואָלט זיך געווען אַליין צעריסן. דוד פליסקין און זיין משפחה זיינען דעם 16טן יולי 1942 אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער געשטאַפּאָ און פאַרשיקט געוואָרן אין לאַגער דראַנסי, פון דאָרט איז ער דעפּאָרטירט געוואָרן קיין אוישוויץ.

„אזוי ווי דער דייטש האָט זיך גענומען דערנענטערן צו פאַריז, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס בהלה — געלויף צו דער שפּאַנישער גרענעץ. מיר זיינען זיך אַלע צעלאָפן איבער וועגן און שטעגן. מיין וועג האָט מיך געפירט דורך שפּאַניע, פּאָר־טוגאַל, מאַראָקאָ. אַ שטיק צייט שפּעטער האָבן מיר זיך דער־וווּסט, אַז מאַנגער האָט אָנגעשפּאַרט קיין טוניסיע.

# מאַנגערס צוויי בריוו פון מאַרסעל

אין טאָג מאָרגנזשורנאַל פון 12טן מאַרץ 1969, באַלד נאָך איציק מאַנגערס טויט, האָט י. גלאַטשטיין פאַרעפנטלעכט צוויי בריוו פון מאַנגערן, געשריבן פון מאַרסעל דעם 28טן אַפּריל 1940 און דעם 6טן מאַי 1940. ביידע בריוו זיינען אויך איבערגעדרוקט אין י. גלאַטשטיינס בוך „אין דער וועלט מיט יידיש" (נ"י, 1972).

אָט איז דער פולער טעקסט פון מאַנגערס ביידע בריוו:

מאַרסעל, 28טער אַפּריל 1940

מיין ליבער יעקב גלאַטשטיין,

איך שרייב אייך דעם בריוו אויפן אַדרעס פונעם י. ל. פּרץ־פֿאַראיין, ווייל איך האָב ניט אייער פּריוואַטן אַדרעס און ניט די אַדרעסן פונעם אינזיך און דעם מאָרגנזשורנאַל. אָבער איך האָב בטחון, אַז דער בריוו וועט צו אייך דערגיין בשלום.

וועגן אַלע מיינע אַפּקומענישן זענט איר מער אָדער ווייניקער אינפאָרמירט. איצט בין איך אין מאַרסעל און וואַרט אויף מיין סערטיפיקאַט קיין פּאַלעסטינע. די ציוניסטן האָבן עס מיר נאָך אַ מאָל צוגעזאָגט און זיי אַרבעטן דערויף, ווי זיי זאָגן, זייער פליייסיק. קוים קוים האָט מען פאַר מיר אויסגעפועלט צוויי חדשים „אויפענטהאַלט". וואַרט איך. די נערוון אויסגעשעפּט ביז צום דנאָ, צעטומלט פון אייגענע און יענעמס יידישע צרות.

גאָט מיינער, מע מוז זיי קענען פון דער נאָענט נאַקעטערהייט און ניט פון צייטונגס־באַריכטן. איך וווין אין נאַכט־

אַזיל פאַר יידישע עמיגראַנטן, שלאָף אויף אַ הוילן מאַטראַץ צוגעדעקט מיט מיין מאַנטל. איך עס טאָג-טעגלעך די שי־טערע קאַרטאָפל־זופּ און הער זיך צו צו דערציילונגען, מעשיות פון טויזנט און איין נאַכט. דאַכאַו, בוכענוואַלד, ווין, עס. עס., עס אַ. אין מיינע חלומות זע איך געשהען מיט אַ „גומיג קניפל" אין האַנט, קאַנטן אין אַן עס. עס. מונדיר, פּאָוסטן מיט אַ האַקנקרייץ־באַנד אויפן רעכטן אָרעם — — און בלוט, בלוט, — יידיש בלוט. אויסגעהאַקטע ציין, פאַרקריפּלטע אברים און וואָס ניט. שווידערלעכע חלומות.

ניין, ניין — איך וויל זיי אייך ניט דערציילן, וויל זיי ניט דערמאָנען. איך וויל אייך נאָר דאַנקען פאַר אייער חברישקייט. עס איז גוט צו האָבן אַזאַ חבר ווי איר זענט, און גלויבט מיר אַז מיין געפיל פאַר אייך איז ניט ווינציקער שטאַרק. זינט אונדזער באַגעגעניש אין וואַרשע (איינס פון מיינע שענסטע) איז עפּעס דאָ אין מיר, וואָס בינדט מיך צו אייך.

דאַכט זיך, כ'ווער סענטימענטאַל ווי אַן אַלטע בתולה. גוט וואָס איך האָב זיך דערזען אין שפּיגל און בין רויט געוואָרן פון בושה. נעמט צו מיינע האַרציקסטע גערוסן, און ווינטשנדיק אייך אַלצדינג גוטס, פאַרבלייב איך אייער
איציק מאַנגער

**דער צווייטער בריוו:**

„מיין ליבער יעקב גלאַטשטיין,

געשריבן אייך אַ בריוו אויפן אַדרעס פונעם י. ל. פּרץ־שרייבער פאַראיין. ווער ווייס צי זיי האָבן אים אייך אָפּגעגעבן. אַזוי ווי טשאַרני האָט מיר צוגעשיקט דעם אַדרעס פון מאַרגנזשורנאַל, שרייב איך אייך נאָך אַ מאָל.

קודם כל וויל איך אייך אָפּדאַנקען פאַר אייער חברישער באַציאונג. דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב זיך באַגעגנט מיט באַציאונג און אויפמערקזאַמקייט פון איין יידישן שרייבער צום צווייטן. בטבע ווייזן אַרום יידישע שרייבער גאָר עפּעס אַנדערש. אייער און ראַוויטשעס באַציאונג האָט מיך באמת

גערירט ביז טרערן. און עס איז מיר אין אַלע מיינע אָפּקו־מענישן געוועזן גוט דאָס צו וויסן.

איך האָב געשיקט אַ טעלעגראַם אויפן אַדרעס פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, מען זאָל מיר טעלעגראַפיש אַרויסשיקן געלט. איך דאַרף עס האָבן, כדי איינצואָרדענען מיין ווייטער פאָרן, אָבער ביז היינט האָב איך עס ניט באַקו־מען. האָט מען ניט געשיקט? אָדער האָט דער „היצעס" פון מאַרסעל, אויף וועמענס אַדרעס מען האָט געדאַרפט שיקן, עס פאַרהאַלטן ? שוין דעם 12טן טאָג נאָך דער טעלעגראַם. איר פאַרשטייט, פאַרשידענע מחשבות קומען אין קאָפּ. איך בעט אייך, אינטערעסירט זיך מיט דעם ענין. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט מיר נאָך אַ מאָל צוגעזאָגט אַ סערטיפיקאַט קיין פאַלעסטינע. וואַרט איך אין געהאַקטע ווונדן. וואַלגער זיך אין עמיגראַנטן־אַזיל און —

**שוואַרצע פייגל אויפן דאַך.**
**מיטן שטעקן אין דער האַנט**
**גיי איך זיך אַנטקעגן.**
**ר' איציק, זייט זשע מוחל, זאָגט**
**ווּהין? פון וואַנען?**
**אַמאָל פון דאָ, אַמאָל פון דאָרט,**
**און איצטער גראָד פון דאַנען.**
**איך באַטראַכט זיך: הויט און ביין,**
**צעפּליקט און אָפּגעריסן,**
**אַלע שטורעמס פונעם ווייט**
**האָבן מיך געשמיסן.**

פאַרדאָן, איך בין אַריינגעפאַלן אין מליצה. איך האָב איבער אין דער מיט. סוף כל סוף בין איך ניט אַזאַ שוטה ווי איך מיין. איך וויים נאָך ווו אָפּצוהאַקן.

מיין לעצט בוך האָט אייך מיין פרוי זיבער צוגעשיקט פון פוילן. זי איז אַ גרויסע פאַרערערין פון אייערע לידער, און אייער „ווען יאָש איז געפאָרן" האָבן מיר נאָך געלייענט צו־זאַמען און געשעפּט נחת.

איצט האָב איך נאָר איין פאַרלאַנג, צו קומען אויף אַן אָרט און אָנצושרייבן „די באַלאַדע פון מיין לעבן" (חלום און וואָר). עס וועט זיין אַ בוך מיט אַ מוסר השכל, אַ וואָרענונג פאַר איבערשפּאַנטער ראָמאַנטיק. יידן פאַרדייען דאָס שווער. און דאָס איז טאַקע די סיבה, פאַרוואָס איך האָב אַזוי פיל געליטן. איך האָב ניט אָפּגעהיט די פּראָפּאָרץ צווישן חלום און וואָר. דאָן קיכאָט אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז פונקט אַזוי טראַגיקאָמיש, ווי אין סערוואַנטעסעס צייטן. איבערהויפּט צווישן אַ קלוג און ניכטער פאָלק ווי יידן זיינען. פאַר ווינטמילן וועט מען אייך ניט געבן אַפילו קיין דרייער, און טאַקע פאַרוואָס ?

די לעצטע חדשים בין איך אין גאַנצן אָפּגעריסן פון דער יידישער ליטעראַטור.

אַלס מאַטראָז אויף אַ בלאָנדזשענדיקער שיף האָב איך ניט געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיט דעם וואָס ווערט געשריבן אויף יידיש.

אויב איר ווילט מיר צוויסן געבן, וואָלט איך אייך זייער געווען דאַנקבאַר. איך ווייס ניט ווו אייער בריוו וועט מיך טרעפן, אָבער אין יעדן פאַל שרייבט קיין מאַרסעל, מען וועט מיר דעם בריוו נאָכשיקן.

איך דריק אייער האַנט און פאַרבלייב אייער,

איציק מאַנגער.



מאַנגערס בריוו, געשריבן מיט בלוטיקן סאַרקאַזם, גיבן אונדז אַ בולט און ווייטיקלעך בילד וועגן יענעם וויסטן פּער־ריאָד זיינעם. און דאָך איז דער דיכטער פאַרהעלטניסמעסיק רואיק, ער באַהערשט זיינע נערוון. ער בינדט אַן קאָנטאַקטן מיט ניו־יאָרק, ער שיקט בריוו און טעלעגראַמעס, ער האָט צוטרוי צו נאָענטע און ווייטע פריינד, ער איז ניט באַהערש־ פון יאוש־שטימונגען.

ווי געזאָגט, האָט גלאַטשטיין פאַרעפנטלעכט די בריוו כמעט 30 יאָר נאָכן באַקומען זיי פון מאַרסעל. אין זיינע קאָמענטאַרן צו די בריוו און צו מאַנגערס ווערטער וועגן זיין „איבערגעשפּאַנטן ראָמאַנטיזם", טייטשט ער זיי אויס ווי אַ רעוויזיע פון מאַנגערס דרך אין קונסט: „ער פאַרטיפט זיך קינסטלעריש אין זיך, ער וויל געבן זיין ליד אַ נייע ריכטונג און אַ נייעם שטוים. — — — „אמת, ער האָט ניט געטראָפן, זיין איבערגעשפּאַנטער ראָמאַנטיזם האָט אים פאַרשאַפט גרויס כבוד ביים „ניכטערן" יידישן פאָלק, און דווקא האָט זיך זיין כבוד אויפסניי צעבליט אין מדינת-ישראל. דאָס יידישע פאָלק האָט דעם „דאָן קיכאָט" יאָ אויפגענומען מיט גרויס פאַרערונג און די „ווינטמילן" האָבן געמאָלן פאַר אים לויב און יידישע וועלט-אַנערקענונג, ווען ער איז געלעגן אַ הילפלאָזער, און געקאָנט רעאַגירן אויף זיין צעבליטער באַרימטהייט, אַפילו ביי די סאַבּרעס, בלויז מיט אַ פּאַראַליזירטן שמייכל".

איך וועל זיך אין אַ שפּעטערדיקן קאַפּיטל אומקערן צו גלאַטשטיינס מיינונגען און אָפּשאַצונגען.

# מאַנגערס תרעומות און ה. לייוויקס פאַרענטפערונג

## (יולי 1941)

דער ווײ־געשריי פון די בריוו פון מאַרסעל, 1940 — האָט פאַרשטייט זיך ניט געקענט אַזוי שנעל אויסגעלאָשן ווערן. חורבן פון פּוילישן יידנטום פון איין זייט, פּערזענלעכע פאַרלוירנקייט און אומבאַהאָלפנקייט, — האָבן דעם דיכטער ניט געגעבן קיין רו.

1941. איציק מאַנגער איז שוין געווען אין לאָנדאָן, אָבער קיין מנוחה האָט ער ניט געהאַט. ער האָט געמיינט און געהאָפט, אַז ניו־יאָרק וועט אים באַלד אַרויסראַטעווען פון לאָנדאָנער גיהנום, אַז ענדלעך וועט ער געפינען רו און וואַרעמקייט, פריינדשאַפט און הברישקייט. ווי אַ קרבן פון דער נאַצי־מלחמה און ווי דער באַליבטער פאָלקס־דיכטער, האָט ער אוודאי פאַרדינט אויפמערקזאַמקייט מצד די ניו־יאָרקער קאָלעגן און שרייבער, מצד דעם פּרץ־שרייבער־פאַראיין, מצד דער יידישער פּרעסע און געזעלשאַפטלעכקייט. עס זיינען דערגאַנגען צו אים די ידיעות וועגן דער אַקציע וואָס גייט אָן אין ניו־יאָרק און וואַשינגטאָן, כדי אַראָפּצוברענגען שרייבער און געזעלשאַפטלעכע טוערס, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון חורבן פּוילן און געבליבן שטעקן אין ווילנע, קאָוונע, אין יאַפּאַן. פאַר איציק מאַנגערן האָט קיינער ניט געזאָרגט. צו אים האָט קיינער ניט אויסגעשטרעקט קיין האַנט פון רעטונג, קיינער האָט זיך מיט אים ניט פאַראינטערעסירט.

ווי אַ פועל־יוצא פון אָט די שטימונגען און איבערטראַכטונגען איז געקומען דער בריוו פון איציק מאַנגערן צו ה. לייוויקן, געשריבן אין לאָנדאָן יוני 1941. ה. לייוויק האָט דעם

ה. ש. קאַזדאַן

בריוו פאַרעפנטלעכט אין ניו־יאָרקער „דער טאָג", יולי 1941. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט ה. לייוויק אָפּגעדרוקט זיין ענטפער מאַנגערן (יולי 12 און 19, 1941).

### אַ בריוו פון איציק מאַנגער

ליבער לייוויק,

איך בין מיד, אַ גוטע נאַכט!
ס'קלעפּן שווער זיך מיינע אויגן,
ווי אַ חלום איז פאַרפלויגן
לעבן, ליבע און געדאַכט.
איך בין מיד, אַ גוטע נאַכט!
ס'קלעפּן מיד זיך מיינע אויגן.

האַלב אין וואַך און האַלב אין דרימל
פלאַפּל איך דאָס לעצטע ליד.
זע, אַ גרויסער פויגל פליט
פון דער ערד אַרויף צום הימל.
האַלב אין וואַך און האַלב אין דרימל
פלאַפּל איך דאָס לעצטע ליד.

כ'האָב אַ חלום אייך געבראַכט
און איר האָט אים אָפּגעשטויסן,
ווען עס איז געוואָרן נאַכט
האָט איר מיך געלאָזט אין דרויסן, —
כ'האָב אַ חלום אייך געבראַכט
און איר האָט אים אָפּגעשטויסן.

איך בין ניט דאָס יוזל אויפן קרייץ
וואָס צאַנקט אויס דאָס ביסל לעבן
און בעט נאָך ביים הייליקן גייסט
ער זאָל אייך די זינד פאַרגעבן,
איך בין ניט דאָס יוזל אויפן קרייץ
און איך וועל אייך ניט פאַרגעבן.

איך קען ניט מער. דאָס האַרץ טוט מיר שרעקלעך ווײ. ווו איז מיין טאַטע — דער אַלטער, אָפּגעאַרבעטער שניידער? ווו איז מיין ברודער, דער הערלעכער שניידער־געזעל? ווו איז מיין שוועסטער, די שיינע שיינדל און איר מאַן דער וועבער וואָלקע? ווו איז רחל אויערבאַך, די צאַרטע און צנועהדיקע?

ווו בין איך? אָפּגעריסן, אָפּגעשטויסן און פאַרוואַגלט אין דער פרעמד. פאַרהעצט און דערשלאָגן, פון קיינעם ניט אַרויסגעהאָלפן אין אַלע מיינע נויטן.

איך האָב פאַרדינט אַ בעסער גורל, אַלנפאַלס אַ בעסערע באַציאונג פון דער זשאַרגאָנאַליע, וואָס איז אַזוי שפּלדיק, אַז זי קען אַפילו ניט פאַרשטיין אַן אייגענע אויסגעפיבערטע, אויסגעקרענקטע באַלאַדישע וויזיע.

עט, נאַפּליוואַט! איך פאַרשעלט דעם אומגליקלעכן טראַנס, וואָס האָט מיך אַריינגעשלעפּט אין דער יידישער ליטעראַטור.

איך האָב זיך אויסגעניכטערט, אָבער צו שפּעט. איך האָב אַלצדינג פאַרלוירן, וואָס איז מיר ליב און טייער. אַ שנאַרער פון אַ ציגאַרעט, און וויימער גאָרניט.

איך מאַך אָבער ניט שלום מיט מיין גורל. איך פּראָטעסטיר מיט דעם, וואָס איך זאָג זיך אָפּ פון דער יידישער ליטעראַטור. איך אַנוליר מיינע ביז־איצטיקע ווערק. דורך אייך מאַך איך די דאָזיקע דערקלערונג פאַר דער יידישער עפנטלעכקייט.

ס׳וועלן ניט איבערבלייבן פייגל אין אייראָפּע נאָך דעם בלוטיקן היטלעריסטישן קאָשמאַר, און צווישן אַזוי פיל הזכרות וועלן זיי אויך דערמאָנען מיין נאָמען.

**דאָ שלאָפט די טרויעריקע, מידע נאַכטיגאַל**
**צום ערשטן מאָל אין אַן אייגן בעט, —**
**דער שניידער געזעל דער בראָדיאַגע און פּאָעט,**
**דער אויף תמיד פאַרשטומטער לידער־קוואַל.**

**רייסט ניט די קראָפּעווע פון זיין קבר אויס**
**און שאַרט ניט ווינטערצייט אַוועק דעם שניי, —**
**דעם שלאָפער אונטן טוט מער גאָרניט וויי,**
**ער לעבט בשלום מיטן וואָרעם און דער מויז.**

**וואַרפט ניט קיין בלומען אויף דעם בערגל ערד,**
**פאַרריכט ניט וואָס דער שטורעם־ווינט צעשטערט**
**פאַרטרייבט ניט די סאָווע פון מצבה־שטיין.**

**לאָזט פּאַשען אומגעשטערט דעם קברנס ציג,**
**און אים אַליין — לאָזט אים זיין אַליין.**

זייט געזונט,

אייער, איציק מאַנגער.

לאָנדאָן, יוני 1941.

ה. לייוויק:

**א. מאַנגערן אַן ענטפֿער**

מײַן ליבער א. מאַנגער!

אייער זייער רירנדן, טיף לירישן, אָבער פאַרצווייפלטן לידער־בריוו צו מיר, וואָס איך האָב באַקומען פון אייך די טעג פון לאָנדאָן, דרוק איך אָפּ אויף דער ליטעראַטור־זייט פון היינטיקן **טאָג**. איך האָב אַרויסגענומען פון בריוו, נאַטיר־לעך, די צו פערזענלעכע פלעצער, וואָס האָבן ניט קיין גע־זעלשאַפטלעכע באַדייטונג.

איך בין מקיים, ווי איר זעט, אייער פאַרלאַנג צו לאָזן וויסן דער יידישער עפנטלעכקייט, אָדער ווי איר, אין אייער פאַרביטערונג, רופט זי אָן, דער „זשאַרגאָנאַליע", אייער פּראָ־טעסט קעגן איר און אַז איר זאָגט זיך אָפּ פון דער יידישער ליטעראַטור און איר ווילט מער ניט האָבן צו טאָן מיט איר.

איך מאַך פון אייער בריוו אַן עפנטלעכן ענין, ווייל איך פיל, אַז אייער בריוו דאָס מאָל פאַרדינט אַן עפנטלעכן ענט־פער. איך טו עס אויך צוליב דעם, ווייל איך האָב שטאַרק

ליב אייך מאַנגערן דעם דיכטער, דעם זעלטענעם דינעם דיכ־
טער. איך פיל אייער געמיט און אייער שטימונג, און איך
שפּיר פון דערוויטנס אייער געבראָכנקייט, כאָטש איך קען
ניט באַהאַלטן מיין שמייכל איבער אייער אָפּזאָגן זיך פון
אונדזער ליטעראַטור. אַ זאַך, וואָס איז אגב שוין ניט אָריגינעל.
דערפאַר נעם איך זיך דאָס רעכט צו רעדן מיט אייך עפנט־
לעך אַזוי פּשוט און אָפן, ווי איך וואָלט עס געטאָן ווען איך
וואָלט גערעדט מיט אייך פּערזענלעך אויג אויף אויג.

אין מיין צוגאַנג צו אייך היינט שטיצט מיך נאָך אַ
וויכטיקער מאָטיוו, און דאָס איז: איר זייט, צום באַדויערן,
ניט דער איינציקער יידישער שרייבער היינט, וועמענס קני
עס ברעכן זיך אונטער און וועמעס קאָפּ עס זינקט אַרונטער
אין אַ צושטאַנד פון געפאַלנקייט און געבראָכנקייט. און
שרייבן צו אייך מיינט: שרייבן וועגן אַ גרויסן טייל פון אונ־
דזערע דיכטער, אונדזערע שריפטשטעלער, און כאָטש איך
קאָן זיך ניט נעמען דעם מוט צו זאָגן, אַז איך בין ווייניקער
געבראָכן און ווייניקער געפאַלן ביי זיך (אַ, הלוואי וואָלט איך
עס יאָ געקאָנט זאָגן וועגן זיך), פונדעסטוועגן נעם איך זיך יאָ
דעם מוט צו זאָגן אייך, ליבער מאַנגער, אַז כאָטש דאָס געמיט
פון אייער היינטיקן בריוו האָט מיך גערירט, איז מיר אָבער
דער נוסח זיינער שטאַרק ניט געפעלן, איז מיר ניט צום
האַרצן, און עס ווילט זיך זאָגן אייך אַזוי הויך און אַזוי קלאָר
עס זאָל דערגיין צו אייך אין לאָנדאָן, אַז לא זו הדרך, גאָט
זאָל אייך אָפּהיטן פון אַריינלאָזן זיך אין דעם דאָזיקן פאַר־
פאַלענעם, עגאָצענטרישן, אין ערגעץ ניט־פירנדיקן דעפעטיזם.
איך זאָג: גאָט זאָל אייך אָפּהיטן, ווייל איך פיל דאָס אין דער
אמתן, אַז עס איז ביי אייך דאָס מאָל מער ווי אַ קאַפּריז,
מער ווי טאָן עמעצן צולהכעיס. איך פיל אין אייך אָפּגרונט־
פאַרצווייפלונג. איך לייען אַרוים פון אייערע שורות אַ צוש־
טאַנד, וואָס באַומרויִקט מיך, מיין זייער ליבער מאַנגער. איך
הער אַ געשריי אין אייערע שורות, אַ געוויאָמער, און עס
ווילט זיך קומען צו אייך און זאָגן: מאַנגער, די זשאַרגאָנאַליע
איז אין אונדזער ביטערן לעבן ניט שולדיק. אייער וואַרפן
דעם גט איר אין פּנים אַריין וועט אייך אין ערגעץ ניט פירן.

ווען דעם ענין „זשאַרגאָנאַליע" און אַנדערע אייערע לי־ טעראַרישע טענות וועל איך רעדן אויספירלעכער שפעטער צו באַווייזן אייך, אַז ווי גערעכט אַפילו איר זאָלט ניט זיין, מוז אַזאַ צוגאַנג ווי אייערער ווירקן שעדלעך און אומשעפעריש אויף יעדן איינעם, וועלכער פאַלט אונטער אים.

ווען איך וואָלט אַן אין שייכות מיט אייער ליד־בריוו אַ ביסל פּסיכאָלאָגיע, לייען איך אַרויס פון צווישן אייערע שו־ רות אַ פאַרלאַנג, אַז איך זאָל אייער וואַרפן דעם גט אין פּנים פון אונדזער „זשאַרגאָנאַליע" — ניט נעמען אפשר אַזוי ערנסט בוכשטעבלעך, און עס קאָן גאָר זיין אַפילו, אַז אין תוך ווילט איר גאָרניט איך זאָל אייער בריוו אַרויסברענגען עפנטלעך. איר ווילט אפשר גאָר ווי אַ פּאָעט צו פּאָעטן אויסוויינען זיך און ניט מער, און איר ווערט אפשר אויף מיר גאָר פאַראיבל האָבן, און ווער ווייס, אפשר נאָך ביטער אין כעס זיין אויף מיר וואָס איך האָב גענומען און געפאָלגט אייך און אייער „דערקלערונג" אָפּגעדרוקט. אָבער טאַקע דערפאַר נעם איך און טו יאָ דאָס, וואָס איר האָט גאָרניט געמיינט איך זאָל טאָן.

ווי איינער וואָס האָט אַ גאָר וואַרעם געפיל צו אייך, און ווי איינער פאַר וועמען איר זענט ניט איציק מאַנגער דער עגאָ־צענטריקער, דער אַזוי גערופענער „סקאַנדאַליסט" אאַז"וו, נאָר מאַנגער דער פּאָעט וואָס מוז, צי ער וויל, צי ער וויל ניט, גלייך מיט אונדז אַלעמען גיין אין שפּאַן פון אַ גרויסער פאַר־ אַנטוואָרטלעכקייט און טראָגן מיט אונדז אַלעמען אַן אומ־ געוויינלעכן, פאַרשאָלטענעם געבענטשטן יאָך, — נעם איך זיך דאָס רעכט מיט אַ כיוון אייער אַנגעזאַמלטע פאַרביטער־ רונג און אייער פראָטעסט עפנטלעך אויפצורייסן, אַרויסנע־ מען ווי מען זאָגט, דעם ווינט פון אייערע זעגלען, אייער האַרץ דורך דעם אַרויסבאַפרייען פון קלעם און אַזוי אַרום העלפן אייך אַרויסראַטעווען זיך פון דער ביטערער, פאַרצווייפלטער, כמעט געמבלערישער שפּיל מיט זיך אַליין.

וואָרעם וואָס איז אין תוך אייער ליד־בריוו צו מיר, אויב ניט קיין פאַרצווייפלטע שפּיל מיט זיך אַליין ? וואָס פאַרא גט

ווארפט איר אין פנים ? און וואָס פאַרא הספדים מאַכט איר איבער זיך אַליין ?

האָט אַ יידישער דיכטער אַ רעכט צו שפּילן מיט זיך אַזאַ שפּיל אין דער איצטיקער צייט, ווען אונדזער גאַנץ פאָלק שטייט אין טויטלעכער סכנה און ווען די גאַנצע וועלט ליגט אונטערן האָגל פון פייער און חורבן ?

אין אייער בריוו צו מיר פון לאָנדאָן רעדט איר דורכאויס נאָר וועגן זיך, און איר מיידט אויס אין גאַנצן צו זאָגן עפּעס וועגן דעם, וואָס עס טוט זיך אַרום אייך. און ווען ? ווען לאָנ־דאָן ווערט אָן אויפהער באָמבאַרדירט פון די נאַצים. איר לעבט אין אַן אַטמאָספערע פון אַ העראָישן ווידערשטאַנד פון דעם פּשוטן, געוויינלעכן בירגער, — און איר מאַנגער, וואָס טוט איר ? וואָס זאָגט אייער בריוו ? איר שליסט זיך אויס פון דעם אַלעם. איר פאַרנעמט זיך נאָר מיט אייער פּאָעטישער דאַליע, אַזוי ווי קיין אַנדערע דאַליעס וואָלטן אויף דער וועלט ניט געוואָקסן. איר לעבט זיך אריין אין אַן איינבילדונג, אַז אייער עלנט איז אַ בילכערער, אַ פּריווילעגירטערער. איר פּראָוועט בן־יחידישקייט.

איך קאָן זייער גוט באַגרייפן, אַז איר, ווי אַן עכטער פּאָעט, זאָלט דעם היינטיקן עלנט אונטער וואָגל פון חורבן פילן טיפער, שטאַרקער. איך קאָן אָבער בשום אופן ניט מסכים זיין מיט אייער עגאָצענטרישן טרייבן זיך אַליין צו פאַרבי־טערונג אין אַ צייט פון אַ וועלט־חורבן.־ וואָרעם אויב אויך אין אַ צייט פון צרות רבים — ניט קאָנען ווערן אַן אמתער טייל פונעם רבים, היינט ווען זשע וועלן מיר עס קאָנען?

און דער פּאָעט — און די וועלט — ווער פון וועמען האָט מער רעכט צו מאָנען ? צי קומט ניט דער וועלט פונעם פּאָעט — מער ווי דעם פּאָעט פון דער וועלט ? „ווען עס איז גע־וואָרן נאַכט האָט איר מיך געלאָזן אין דרויסן", קלאָגט איר זיך אין אייער בריוו. ווי אַן אויסדרוק פון אייער צער איז עס אַ ריכטיקער אויסדרוק. אָבער ווען עס איז אַ באַשולדיקונג, איז עס ניט ריכטיק. וואָרעם די גאַנצע וועלט איז היינט אין דרויסן. פילן מיר עס ניט, מוז אונדזער אייגענער געשריי

מאַכן אַ ווילדן איינדרוק, און איז ניט ווערט אַפילו דעם עלנט פון אַ שטיין.

לאָמיר ניט זיין גאַוּוהדיקער פונעם שטיין אויף די היינטיקע בלוטיקע שליאַכן פון דער וועלט.

און דאָ קום איך צו אייער ליטעראַרישן פּראָטעסט, צו אייער „אָפּזאָגן זיך" פון דער יידישער ליטעראַטור. איך שמייכל איבער דעם, איר אַליין ווייסט דאָך, אַז מיר האָבן שוין אַזוינס געהאַט. שרייבער האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דער ליטעראַטור און — זיינען נעבעך געקומען צוריק. און זיי האָבן גוט געטאָן. זיי האָבן געמיינט, אַז ווי נאָר זיי וועלן מודיע זיין אַז זיי זאָגן זיך אָפּ, וועט די וועלט ניט קאָנען לעבן אָן זיי. ערשט אַ טעות — די וועלט איז ניט אונטערגעגאַנגען. איצט מסתמא, שמייכלען זיי אַליין איבער זייער אַמאָליקער אָנגעבלאָזנקייט.

איך פרעג ביי אייך אַ פּשוטערע פראַגע: צו וועמען האָט איר טענות? ס'קומט אויס, אַז עס איז דאָ עפּעס אַזאַ צד, וואָס באַשטעלט ביי אונדז מיר זאָלן זיין פּאָעטן, מאַכט קאָנטראַקטן און לאָזט אונדז איבער מיט אַ נאָז. איז דאָך די גאַנצע מעשה ניט אמת. קיינער האָט אונדז ניט געבעטן און בעט אונדז ניט מיר זאָלן זיין פּאָעטן. קיינער איז אונדז גאָרניט שולדיק.

האָט איר ניט דערפאַר, ליבער מאַנגער, אַנטקעגן וועמען צו פּראָטעסטירן. און איר האָט ניט פון וואָס זיך אָפּצוזאָגן — סיידן פון זיך אַליין. קיינער האָט אונדז גאָרניט צוגעזאָגט און קיינער דאַרף אונדז מיט קיין זאַך ניט צאָלן. און ווער ווער, איר מאַנגער, האָט אוודאי ניט וואָס צו באַקלאָגן זיך איבער אייער פּאָעטישער דאָליע. האָט איר דען ניט קיין שכר? איר האָט אַ סך, אַ סך, אויב איר און מיר זיינען עפּעס, איז עס דאָך אַ דאַנק דער „זשאַרגאָנאַליע". טאָ זייט דאַנקבאַר דער זשאַרגאָנאַליע פאַר דעם. דאַנקבאַר, דאַנקבאַר, אין בעסטן פאַל — שלאָגט איר ניט אין פּנים.

זיין אַ פּאָעט איז ניט קיין באַשטעלונג פון עמעצן אַ באַ־שטעלער. זיין אַ פּאָעט איז אַ זכיה. טאָ שאַנעוועט די דאָזיקע זכיה.

איר אַנולירט, זאָגט איר, אייערע ווערק, איר זאָגט זיך אָפּ פון זיי. אויב עס איז ניט קיין קינדערישקייט פון אייך, איז עס אַ סימן, אַז דער פּאָעט אין אייך האָט זיך אַוועקגע־שטעלט אויף יענער זייט פון גלויבן. אויף יענער זייט פון די בעסטע מידות מיט וועלכע עס האָבן זיך אויסגעצייכנט די גייסט־פאָרשטייער פון אונדזערע פריערדיקע דורות. האָט איר ווען געהערט אַז אַ רב זאָל צוליב וואָס ניט איז אַנולירן זיינע ספרים, זאָל זאָגן נאָפּליעוואַט און וואַרפן דעם גט דער תורה און דעם פאָלק ישראל ?

איר וועט אפשר זאָגן, אַז מיר איז לייכט צו זאָגן אייך מוסר, ווייל איך געפין מיך אין אַמעריקע און ניט אין אייער לאַגע. איז עס נאָר לפנים ריכטיק, אָבער ניט אין תוך. דער טרויער אונדזערער און דער גורל איז אין תוך אומעטום גלייך. און דאָס מיינט אַז מיר דאַרפן אוודאי איינע די אַנדערע העלפן אין אַלע נויטן.

און וואָס שייך חורבן, געלע לאַטעס און נאָך זאַכן, פיל איך, אַז דער גאַנג פון מיין לעבן ווי אַ ייד מאַכט דורך אין אַמעריקע אויך דעם פולן קרייז זיינעם. איך וועל קיין זאַך פון יידישן גורל ניט אויסמיידן, איך וועל ניט און איך וויל ניט אויסמיידן. וועלן מיר אויך אין דעם זיך אויסגלייכן.

איך ווייס ניט צי איר וועט מסכים זיין מיט אַלץ, וואָס איך האָב געשריבן דאָ, אָבער איך פאַרזיכער אייך, אַז איך האָב עס געשריבן מיט די וואַרמסטע געפילן צו אייך. איך שעץ זייער הויך דעם פּאָעט אין אייך און וואָלט וועלן הערן פון אייך אַ מוטיקן גרוס. נעמט אָט די אַלע שטימונגען איי־ערע און פאַרוואַנדלט זיי אין נייע לידער.

אייער ה. לייוויק

⁂

ה. לייוויקס ענטפֿער רופֿט אַרויס ערנסטע ספֿיקות און פֿראַגעס. „איך לייען אַרויס, זאָגט לייוויק צו מאַנגערן, פֿון צווישן אײַערע שורות אַ פֿאַרלאַנג, אַז איך זאָל אײַער וואָרפֿן דעם גט אין פּנים פֿון אונדזער „זשאַרגאָנאַליע" ניט נעמען אפֿשר אַזוי ערנסט בוכשטעבלעך, און עס קאָן גאָר זײַן אַפֿילו, אַז איך תּוך ווילט איר גאָרניט איך זאָל אײַער בריוו אַרויסברענגען עפֿנטלעך . . . אפֿשר וועט איר אויף מיר גאָר פֿאַראיבל האָבן און ווער ווייס, אפֿשר נאָך ביטער אין כּעס זײַן אויף מיר וואָס איך האָב גענומען און געפּאַלגט אײַך און אײַער דערקלערונג אָפּגעדרוקט".

אָביעקטיוו גענומען, האָט די אַ לאַגע געפּאָדערט, ה. לייוויק זאָל זײַן דער מקיל און טאַקע ניט פֿאַרעפֿנטלעכן, ניט אָפּדרוקן מאַנגערס בריוו. דאָס פֿאַרעפֿנטלעכן דעם בריוו האָט ניט געבראַכט קיינע נוצן ניט מאַנגערן, ניט דער יידישער ליטעראַטור, ניט דער יידישער געזעלשאַפֿטלעכקייט.

ה. לייוויק וואָרפֿט פֿאָר מאַנגערן, אַז ער רעדט אין זײַן בריוו „דורכויס נאָר וועגן זיך און איר מיידט אויס אינגאַנצן צו זאָגן עפּעס וועגן דעם וואָס עס טוט זיך אַרום אײַך". פּונקט אַזאַ פֿעלער באַגייט לייוויק אַליין אין זײַן ענטפֿער, נאָר אין אַ פֿאַרקערטער ריכטונג: ער רעדט דורכויס נאָר וועגן דער מלכות פּאָעזיע און מיידט אויס צו זאָגן עפּעס וועגן מאַנגער דעם לעבעדיקן מענטש, דעם קרוין פֿון גאָטס יצירה, וואָס לײַדט לעבעדיקע וווּנדן, וואָס „האָט אַלצדינג פֿאַרלוירן וואָס אים איז ליב און טײַער". קען מען בלײַבן גלײַכגילטיק און ניט רעאַגירן אויף מאַנגערס קלאָגן זיך, אַז ער איז „געוואָרן אַ שנאָרער פֿון אַ סיגאַרעט און ווײַטער גאָרניט"? די דאָזיקע פֿיר ניט-פּאָעטישע ווערטער — דאָס איז דאָך אַ בילד פֿון גיהנום . . .

לייוויק מיידט אויס אינגאַנצן צו זאָגן עפּעס וועגן דעם, „וואָס עס טוט זיך אַרום אים" — דאָ אין ניו-יאָרק, אין דער אָרטיקער יידישער געזעלשאַפֿטלעכקייט. קעגן אָט דעם אַרום איז געווענדעט מאַנגערס גאַנצע פֿאַרביטערטקייט און באַשולדיקונגען. אָט די ניו-יאָרקער געזעלשאַפֿטלעכקייט האָט

געקענט זייער לייכט אַרויסהעלפן מאַנגערן און פאַרוואַנדלען אים פון אַ „שנאָרער" — צוריק אַ פּרינץ.

„איך לייען אַרויס, זאָגט לייוויק, פון צווישן אייערע שורות אַ פאַרלאַנג, אַז איך זאָל אייער וואַרפן דעם גט אין פּנים פון אונדזער „זשאַרגאָנאַליע" ניט נעמען אפשר אַזוי ערנסט בוכ־שטעבלעך". צו וואָס זשע איז געווען נויטיק, דאָס אַלץ אַרויסטראָגן אין דער עפנטלעכקייט?

לייוויק איז גערעכט וועגן מאַנגערס אָפּזאָגן זיך פון דער יידישער ליטעראַטור: „מיר האָבן שוין אַזוינס געהאַט. שרייבער האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דער ליטעראַטור און זיינען נעבעך געקומען צוריק. און זיי האָבן גוט געטאָן". דאָס אַלץ, אַזוי ווי נאָך אַנדערע ריכטיקע געדאַנקען פון לייוויקס ענטפער, וואָלט געווען אַ סך גלייכער צו זאָגן מאַנגערן פּריוואַט און ניט מאַכן פון דעם אַ ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכע סענסאַציע.

## צוויי אָפּרופֿן אויף די מאַנגער-לייוויק בריוו

אַפּילו מיט יאָרן שפּעטער, ווען מאַנגער איז שוין געווען אַ תושב אין לאָנדאָן, האָט ער אַלץ ניט געקענט מוחל זיין די האַנדלונג לגבי אים מצד דער ליטעראַרישער משפּחה אין ניו-יאָרק. אין מאַרץ חודש פֿון 1949 האָט א. מאַנגער געשריבן אין אַ בריוו צו ש. טענענבוים זייער שאַרפֿע ווערטער קעגן לייוויק-אָפּאָטאָשו-לעיעלעס: „... זיי פֿירן אַ שטילע מיאוסע קאַמפּאַניע קעגן מיר ... יעקב פּאַט ווען ער איז געווען אין לאָנדאָן, האָט מיר דערציילט, אַז צו אים קומען יידישע שרייבער מיט טענות: „מיר האָבן געהערט איר ווילט ברענגען מאַנגערן קיין אַמעריקע. וואָס וועט ער דאָ טאָן? ער וועט שיכורן, מאַכן סקאַנדאַלן". יעקב פּאַט האָט מיר ניט געוואָלט זאָגן די נעמען פֿון די דאָזיקע שרייבער. אָבער איך שטעל מיר פֿאָר זייערע פּנימער... זיי לאָזן מיך ניט העלפֿן. ס'בלייבט פּשוט אויסגיין פֿון הונגער און נויט" ...

אָט דאָס איז געווען דער מצב פֿון מאַנגערן אין די נייַנצן פֿערציקער יאָרן. ער איז קראַנק, איינזאַם און פֿאַרלאָזן. די יִידישע שרייבער-וועלט איז אינדיפֿערענט צו זיין לאַגע און צו זיינע ווייטיקדיקע אויסגעשרייען.

צוויי מענטשן האָבן רעאַגירט אויף מאַנגערס בריוו חבריש, האַרציק, דערמונטערנדיק. דאָס זיינען געווען די צוויי שריפֿט-שטעלער יעקב באַטאַשאַנסקי און משה נאַדיר. אין יידישן קעמפֿער פֿון 13טן מאַרץ 1942 האָט משה נאַדיר פֿאַרעפֿנט-לעכט אַן אַרטיקל „אַ פֿאַרשפּעטיקטער בריוו צו איציק מאַנ-גער". אָט זיינען עטלעכע גרעסערע אויסצוגן פֿון זיין אַרטיקל:

ח. ש. קאַזדאַן

„מיין ליבער איציק מאַנגער!

דיין בריוול צו לייוויקן איז — דורכן טאָג — אָנגעקומען אויך צו מיר. עס האָט מיר געדויערט אַ שטיקל צייט ביז איך האָב געפונען אַ פּאָסט-קעסטל פֿאַר מיין ענטפער. פֿאַרגיב!

איך ווייס ניט צי דו ווייסט (דו ווייסט מסתם ניט) אַז מיינע פֿערזענלעכע בריוולעך צו יידישע שרייבער זיינען כמעט אויף די פֿינגער צו ציילן. דעריבער אפשר טאַקע אויך . . . (איך האָב געוואָלט זאָגן: „מיין ביטער מזל", נאָר ווי קען איך אין אָנגעזיכט פֿון דיין מזל זיך באַקלאָגן אויף מיינעם?) — — —

און וועלכער זאַטער גלויבט דעם הונגעריקן?

„איך ווייס, אַז ניט דו, ניט משה לייב (זאָל זיין אָפּגעשיידט) און ניט אַנדערע ווי איר — ליכטיקע פּאָנעמער פֿון אונדזער ליטעראַטור — זייט ווען עס איז געוואָרן „געגרעכט" אין אייערע טענות סיי צו „די יידישע טעכטער וואָס שלאָפֿן מיט גויאישע הינט", סיי צו דער „זשאַרגאָנאַליע", אָבער ווער וויל דען זיין גערעכטער ווי איר, די שוואַכסטע, די מוטיקסטע, די טאַלאַנטירסטע? און האָבן דען די הונגעריקע (וואָס ווילן אַרבעטן) ניט קיין רעכט צו זיין אומגערעכט? און האָט דער איינזאַמער און פֿאַרלאָזענער ניט קיין רעכט צו פֿלוכן זיין גורל? און האָט דער וואָס איז פֿאַרליבט אין יידיש ביז צום שטאַרבן, ביז אויף קידוש השם, ניט קיין „רעכט" אין אַ פֿאַרביטערטער מינוט אַרויסצושפּייען דורכן פֿאַרסמטן האַרץ די ווערטער: איך האָב דיך פֿיינט „זשאַרגאָנאַליע"! איך אַנוליר מיינע פֿריערדיקע ווערק . . . — — —

„אָ, ווי ביטער-גראָטעסק דאָס איז! ווי טויט-ביטער גאָר אינגאַנצן, אַז אַ יידישע וועלט (אַ פּאַפּירענע) קען אויסהאַלטן אַלערליי אַרט מענטשן, און פֿאַר דיר איציק מאַנגער, וואָס דו ביסט מיט טאַלאַנט פֿאַרשאָלטן פֿון קאָפּ ביז די פּיס, איז קיין בעט ניטאָ דיין צויבערלעך חלום-קעסטל, דיין קאָפּ אוועקצולייגן?! — — —

**אין אַט אַזאַ צייט לעבן מיר, איציק מאַנגער.**
**יעדער מענטש — פאַר זיך.**
**אַליין.**
**שטאָק אַליין.**
**און יעדער קעגן יעדן.**
**און אַלע אין איינעם קעגן אַלע אין איינעם.**
**דער מענטש — קעגן דער מענטשהייט.**
**די מענטשהייט קעגן זיך אַליין און קעגן גאָט.**
**און גאָט קעגן דער מענטשהייט — — — —**

„דו ביסט שיכור מיט טאַלאַנט, איציק מאַנגער, דו ווערסט אין גאַנצן פון אים באַהערשט, זיין קנעכט ביסטו און דו האָסט איבער אים קיין שום דעה ניט.

פירט ער דיך צו הוימלאָזיקייט, צו צאַנקעריי מיט גאָט און מענטש, צו אָרעמקייט און עלנט.

בלויז אין דיין „וויזיע", אין דיין „טראַנס" — ביסטו וואַך, ביסטו אַ צום לעבן געקומענער. ניכטערהייט ביזטו טאַקע אַ לאַ יוצלה, וואָס קען קיין קאָץ אַז עק ניט פאַרבינדן.

די פּעאיקע, די פּיפּיקע, די גערעטענע, די דערפאָלגרייכע — אָ, זיי קענען קעצישע עקן פאַרבינדן, קעצישע קאָנטאַקטן מאַכן, קעצישן יאָמער אויפהויבן קעגן דער לבנה איבערן „פענטהויז" (זע ענגלישן ווערטערבוך, איציק !). — — — —

איך זאָג דיר, ווי אונדזער חשובער קאָלעגע לייוויק: די „זשאַרגאָנאַליע" איז אין אונדזער ביטערן לעבן ניט שולדיק. דו און איך און ער און מיר אַלע, איציק טייערער, זיינען עס די „זשאַרגאָנאַליע", וואָס מיר האָבן געקרוינט מיט לאָרבער און מיט קראָפּעווע.

אונדזער פּאַפּירן יידיש לעבן, אונדזער ווערטער־לעבן, איציק מאַנגער, איז שווערער נאָך ווי דאָס פיזישע לעבן פון אונדזער פאָלק. און מיר שטאַרבן אַזוי שווער — — — —

אַז מע וועט אַמאָל אויסגראָבן אונדזער שפּראַך, וועסט דו, איציק מאַנגער, געטראָגן ווערן אויף די הענט — העכער פון האָמערן, גלויב עס מיר !

יאָ, דו האָסט אַ בעסער גורל פאַרדינט, איציק מאַנגער. אָבער ביי וועמען זאָל מען מאָנען? מיר האָבן אַ מוטער־שפּראַך, אַ זיס־טערפּקע מאַמע־לשון, אָבער אַ מאַמע אויף וועמעס אַקסל זיך אויסצוויינען, איז ניטאָ. מיר האָבן ניט ביי וועמען זיך איבערצונעמען, איציק טייערער!

און דאָס וואָס דו זאָגסט זיך אָפּ פון דער יידישער ליטעראַטור, איציק מאַנגער, איז עס שוין צו שפּעט! — — —

דעם פאַלקסטימלעכן, קרישטאָל־גאָלדענעם שלאָס, וואָס דו האָסט אויפגעבויט אין אונדזער ליטעראַטור, איציק מאַנגער, איז פון ליכט און חלום, פון אויסדאַכט און אָפּשיין. מיט וועלכן האַמער וועסטו אים צעשטערן, איציק מאַנגער?

„לעסטער מיך, לעסטער מיך דערפאַר וואָס איך האָב דיר געבוירן, זאָגט די מאַמע צום קראַנקן קינד, קושנדיק זיין שטערן. אפשר וועט דיר אַ ביסל גרינגער ווערן, קינד מיינס!”

אָבער מיר קינדער פון מאַמע־לשון, זיינען דאָך לעבעדיקע יתומים. קען עס די מאַמע אונדז ניט זאָגן, זאָג איך עס פאַר איר, פאַר אונדזער מוטער רחל, וואָס וויינט אויף אירע קינדער, וואָס זי האָט זיי איבערגעלאָזט אייניקע אַליין אויף דער וועלט” . . .

*

איציק מאַנגער האָט זייער שטאַרק געשעצט נאַדירס בריוו, ער האָט זיך מיט אים געגרויסט און שטענדיק גערעדט וועגן אים. און פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס: לייוויק רעאַגירט אויף מאַנגערס באַליידיקונג פון דער יידישער ליטעראַטור, פאַר איר כבוד נעמט ער זיך אָן. די פערזענלעכע טראַגעדיע פון מאַנגערן איז אין לייוויקס ענטפער פאַרשוויגן. נאַדירס בריוו האָט נאָך בולטער געמאַכט, נאָך מער פאַרשאַרפט דעם דיכטערס געפיל פון איזאָלירטקייט, פרעמדקייט מצד די ניו־יאָרקער קאָלעגן. און דאָס האָט מאַנגערן שטאַרק וויי געטאָן. מיטן וואָרט „זשאַרגאָנאַליע” האָט ער געוואָלט טרעפן געוויסע מענטשן, וואָס האָבן גערעדט אין נאָמען פון דער ייִדי־

שער ליטעראַטור, אָבער ניט די ייִדישע שפּראַך און ליטע־ראַטור גופא.

מיט יאָרן שפּעטער, שוין נאָכן טויט פון משה נאַדיר, האָט ש. ניגער זיך אומגעקערט צום אינהאַלט פון נאַדירס בריוו. זיין אַרטיקל הייסט „ווער פאַר וועמען איז פאַראַנטוואָרטלעך" (דער טאָג, 4טער יוני 1955). ווייזט אויס, די מאַנגער־פּראָב־לעם איז נאָך אַלץ געווען אַקטועל. ניגער פּאָלעמיזירט מיט נאַדירן און מיינט מאַנגערן.

ש. ניגערס הויפּט־אַרגומענט באַשטייט אין דעם: „ער (נאַדיר) ווייסט דאָך אַליין . . . אַז די „געזעלשאַפט" וועט זיך צו זיינע טענות ניט צוהערן, און אויב זי וועט אים קאַלט־בלוטיק אויסהערן, וועט זי האַלטן, אַז ער איז אומגערעכט, אַז קיינער איז אים גאָרניט שולדיק. איי וואָס, ער בויט שלעסער, קרישטאָלענע שלעסער, און איז זיך מרצה נאָך אַזאַ מין בוי־מייסטער, וואָס זיין בוי־מאַטעריאַל איז „ליכט און חלום, אויס־דאַכט און אָפּשיין" ? „די קאָנספּיראַציע וואָס הייסט עפּנט־לעכע מיינונג", קאָן זיך באַגיין און באַגייט זיך אָן דעם מין ריעל־עסטייט. — — — אפילו זיין אַ קרבן פון „דער פאַר־שווערונג, וואָס הייסט געזעלשאַפט", וואָלט אַזוינע שטאָלצע דיכטערס ווי משה נאַדיר, ניט געדאַרפט אָנשטיין. — — — סתם אַזוי איבערנעמען זיך, פּיעשטשען זיך פאַר זיך אַליין, פּראָווען מאַרטירערטום און פאַרלאַנגען פון אַנדערע, אַז זיי זאָלן ווייכער מאַכן די האַרטע הערצער אָדער באַשטראָפן די בעלי־הקאָנספּיראַציע — וואָס פאַרא זין האָט עס ? — — איז ניט בעסער אַליין זיך אין וואָגן איינשפּאַנען און שוויינג־דיקערהייט אים שלעפּן מיט די לעצטע כוחות" ?

ניין. דער פאַל איציק מאַנגער איז געווען ווייט ניט קיין „פּראָווען מאַרטירערטום". זיין דעמאָלסטיקער צושטאַנד איז געווען אַן אויסעראָרדנטלעכער. זיינע איבערלעבונגען — פער־זענלעך, געזעלשאַפטלעך — זיינען געווען אָנגעשטרענגט, קרענקלעך. משה נאַדיר האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז מאַנגער נויטיקט זיך אין וואַרעמקייט, אין חברישקייט, מיטגעפיל און דערמוטיקונג. און דאָס האָט ער געטאָן אין זיין אַרטיקל.

אין 1961, אין זיין בוך „נאָענטע געשטאַלטן", האָט א. מאַנגער אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל „משה נאַדיר". אינעם ערשטן קאַפּיטל פון דער דאָזיקער אָפּהאַנדלונג וועגן נאַדירן, דער־מאָנט מאַנגער נאַדירס „פאַרשפּעטיקטן ענטפער צו איציק מאַנגערן": „אין אָט דעם דראַמאַטישן בריוו, שרייבט איציק, באַרירט נאַדיר אַ סך אָנגעווייטיקטע פראַגן פון אונדזער שפּראַך און ליטעראַטור . . . „די מורא פאַר פאַרגעסן ווערן" האָט אים געפּייניקט, ווי זי פּייניקט יעדן איינעם, וואָס האָט עפּעס אויפגעטאָן פאַר זיין פאָלק און ליטעראַטור. און ווי פאַרגעסט מען דאָס אַזאַ שפּראַך און אַזאַ ליטעראַטור ? ס'איז באמת טראַגיש און וויטיקלעך זיך צוצוקוקן ווי אַ פאָלק פאַר־לירט די אידענטיפיקאַציע מיט זיין אייגענער שפּראַך און זיין אייגענעם שאַפערישן אויסדרוק".

עס איז צו באַוווּנדערן ווי דעליקאַט מאַנגער באַהאַנדלט דאָ נאַדירס בריוו. ער מיידט אויס אינגאַנצן זיין ריין־פּערזענ־לעכן מעמד אין יענער צייט (1942), וואָס נאַדיר באַרירט אין זיין בריוו מיט אַ סך חברישקייט. מאַנגער שטעלט העכער פון זיין פּערזענלעכקייט — די אָנגעווייטיקטע פראַגע פון יידיש און יידישער ליטעראַטור. מאַנגער קען אַנדערש ניט ווי זיך אידענטיפיצירן „מיט זיין אייגענער שפּראַך און זיין איי־גענעם שאַפערישן אויסדרוק".

מאַנגער האָט זיך אין די 40ער יאָרן געפילט געקריוודעט אי דורך דער „קאָנספּיראַציע וואָס הייסט עפנטלעכע מיי־נונג", אי דורך דער „קאָנספּיראַציע" פון חברים ליטעראַטן.

אינעם וואַרשעווער פּעריאָד האָט מען פון מאַנגערן ניט געהערט, ער זאָל פאַרוואַרפן דער יידיש־סביבה, אַז „זי איז אים עפּעס שולדיק". צוזאַמען מיט דער גאַנצער מחנה דע־מאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע געטרייע פריינד פון יידיש־לשון און יידישער ליטעראַטור האָט מאַנגער געהאָלפן „שלעפּן דעם וואָגן" מיט אַלע זיינע כוחות. מיט וואָס פאַרא פּאַטאָס מאַנגער רעדט און באַשיצט די יידישע שפּראַך און ליטעראַ־טור קעגן די „אַסימילאַציע־כוואַליעס", קעגן די וואָס שטופּן „דאָס פאַן טאַדעאוש־וועגעלע פון אַסימילאַציע ווייטער". די

דאָזיקע ווערטער נעמען מיר אַרויס פון זיינעם אַן אַרטיקל אין זיין זשורנאַל „געציילטע ווערטער" (1930). וועגן זיין קאַמף קעגן דער אַסימילאַציע רופט ער אויס: „ניט קיין פּערזענ־לעכע קנאה־שינאה־אונטערשלאַקן פּילט אויס זיי (די **געצייל־טע ווערטער**) . . . ס'איז אַ קאַמף אויף לעבן און טויט מיט די קרעמער וואָס האָבן זיך דאָס מאָל פעסט באַזעצט אין לי־טעראַטור־טעמפּל . . . ווער עס האָט אַ ביסל באַציִונג צו דער ליטעראַטור און דעם יידישן שרייבער, דער מוז בונ־טעווען".

אַזאַ איז געווען א. מאַנגער אין די ניינצן דרייסיקער יאָרן. אין די 1940קער יאָרן איז צו דעם צוגעקומען נאַציאָנאַלער וויטיק און פּערזענלעכע יסורים.

**יעקב באַטאַשאַנסקי**

נאָך איין יידישער שרייבער האָט זיך אָפּגערופן אויף די עפּנטלעכע בריוו פון מאַנגער און לייוויק. דאָס איז געווען יעקב באַטאַשאַנסקי אין זיין שטענדיקן קאָלומן „צווישן יאָ און ניין" אין דער בוענאָס־איירעסער טאָג־צייטונג „די פּרעסע". באַ־טאַשאַנסקיס אַרטיקל איז געדרוקט דעם 20סטן אויגוסט 1941, און ער טראָגט דעם נאָמען: „וואָס איך האָב צו זאָגן לייוויקן וועגן מאַנגערס בריוו".

„איך האַלט איציק מאַנגערן פאַר אַ גרויסן פּאָעט און פאַר אַ וווּנדערלעכן עסעאיסט, שרייבט י. באַטאַשאַנסקי. איציק מאַנגער איז געקומען מיט אַ נייעם אין דער יידישער פּאָעזיע — מיט דער באַלאַדע. ער האָט צו אונדז געבראַכט דאָס ברו־מענדיקע געזאַנג פון בלוט, וואָס איז אַמאָל העל און אַמאָל פינצטער. אָבער יידיש האָט געגעבן מאַנגערן לכל הפּחות ניט ווייניקער, וויפל ער האָט געגעבן יידיש . . . און פונדעסט־וועגן וואַרפט מאַנגער שטענדיק דער מאַמע־יידיש דעם גט פאַר די פיס. ווען עס גייט אים ניט גוט, דראָט ער אַז ער וועט זיך שפּראַכלעך שמדן. דאָס וואָרט זשאַרגאָן גיט אַ גיי אַרויס פון זיין מויל מיט מוראדיקער פאַראַכטונג. אָריגינעל איז ער אין דעם פּרט ניט, מאָריס ראָזענפעלד פלעגט אויך שרייען, אַז יידיש — פע !

„מאַנגער וואַרפט דעם גט פאַר די פיס צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, ווייל ער האָט אַזאַ כאַראַקטער. צווייטנס, ווייל מע האָט אים צעבאַלעוועט. וועגן זיין כאַראַקטער איז איצטער ניט די צייט צו רעדן לענגער . . . אָבער אַז דאָס צעבאַלעוועון האָט אים פאַרשאַדט, מעג מען אויך איצטער דערציילן. אַן אָרעם יאסיער שניידער-יינגל איז געוואָרן דער פרינץ פון דער יידישער פּאָעזיע, ער איז געוועזן אויף די ליפּן און אין די הערצער פון צענדליקער טויזנטער יינגלעך און מיידלעך, און ער האָט געקראָגן די אַבסאָלוטע אנערקענונג פון דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור-קריטיק. ער איז שיר ניט געוואָרן אַ לעגענדע. האָט זיך אים פאַרדרייט דעם קאָפּ און ער איז גע-וואָרן מוראדיק עגאָצענטריש . . .”

„איך האַלט, אַז ה. לייוויק האָט מאַנגערס בריוו ניט גע-דאַרפט פאַרעפנטלעכן. מאַנגער האָט שוין ניט איין מאָל גע-זאָגט דאָס דאָזיקע, וואָס ער האָט געשריבן אין פאַרעפנטלעכ-טן בריוו, און ער האָט פונדעסטוועגן ווייטער געשריבן. ה. לייוויק האָט געמעגט פאַרעפנטלעכן ביידע לידער אַלס אַ כאַ-ראַקטעריסטישע שטימונג פון אַ טאַלענטירטן דיכטער און טאַקע אַלס אָפּשפּיגלונג פון זיין מצב, אָבער די באַליידיקונג אויף יידיש האָט ער ניט געטאָרט פאַרעפנטלעכן. — — —

„מאַנגער אַליין איז אין לאָנדאָן אונטער דעם נאַצישן פייער . . . מאַנגער וויל וואַרשיינלעך, אַז מע זאָל אים אַרי-בערברענגען קיין ניו-יאָרק און ער האָט דאָס געוויס געבעטן און ניט געפועלט. איז עס פאַר אים זייער טרויעריק, אפשר איז עס אויך טרויעריק פאַר דער יידישער ליטעראַטור . . . און אפשר איז אין דעם שולדיק מאַנגער אַליין אויך, אפשר איז זיין כאַראַקטער שולדיק אין דעם, וואָס מען ברענגט אים ניט קיין ניו-יאָרק . . .

„דאָס טרויעריקסטע פון טרויעריקסטן איז, וואָס מאַנגער שרייבט, אַז ער בעטלט פּאַפּיראָסן . . . מע וואָלט געקענט אויספירן אַז מאַנגער זאָל עס ניט דאַרפן טאָן. אין לאָנדאָן אַליין זיינען פאַראַן געניג ליבהאָבער פון דער יידישער ליטע-ראַטור, וואָס זיינען בכוח אויסצוהאַלטן מאַנגערן, און עס איז שווער צו פאַרשטיין פאַרוואָס עס איז געקומען דערצו, אַז דער

וווּנדערלעכער באַלאַדן־דיכטער אונדזערער זאָל איבערלעבן די טרויעריקע באַלאַדע פון בעטלען פּאַפּיראָסן. אויך פון ניו־יאָרק האָט מען געקענט פאַרהיטן, אַז עס זאָל ניט קומען דער־צו, און עס איז ניט צום פאַרשטיין פאַר וואָס עס איז גע־קומען . . .

„ה. לייוויק האָט ניט געדאַרפט פאַרעפנטלעכן מאַנגערס בריוו מיט די באַליידיקונגען אויף יידיש. ווען איך באַקום אַזאַ בריוו פון מאַנגערן, שאַף איך אים הונדערט דאָלאַר און איך שיק אים אַוועק און איך שגיץ אים אוים וויפל עס וואָלט אין אים אַריין. ה. לייוויק האָט ניט באַדאַרפט פאַרעפנטלעכן די באַליידיקונגען פון פאַרצווייפלטן פּאָעט — — —

„איציק מאַנגער איז אַ וווּנדערלעכער דיכטער, אָבער די יידישע ליטעראַטור וועט בלייבן ליטעראַטור אויך אָן אים. וויפל מאָל ער וועט דראָען מיט אַוועקגיין, וועלן מיר עס אים זאָגן. ביז איצט האָט ער עס געזאָגט פּערזענלעך, האָבן מיר געענטפערט פּערזענלעך, אָבער אַז לייוויק האָט געבראַכט דערצו, אַז עס זאָל ווערן אַן עפנטלעכער ענין, מוזן מיר עס זאָגן עפנטלעך".

עס איז מיר ניט באַקאַנט, צי א. מאַנגער האָט געלייענט בשעתו (1941) דעם אַרטיקל פון באַטשאַנסקין, און ווי אַזוי ער האָט רעאַגירט אויף אים. קיין שום ספק, אַז באַטשאַנ־סקים אַרטיקל איז געשריבן אין אַ חברישן, ברידערלעכן טאָן. „צעבאַלעוועט" ? „פאַרטשאַדעט" ? דאָס געשעט מיט יעדן פּאָעט און אַרטיסט וואָס איז געוואָרן פּאָפּולער און באַליבט ביים ברייטן עולם. קענען מיר דאָס מאַנגערן מוחל זיין. באַ־טשאַנסקי פאַרשטייט דאָס. ער רעדט מיט וואַרעמען געפיל וועגן מאַנגערס לאַגע אין לאָנדאָן, וועגן דער האַנדלונג פון דער ליטעראַרישער משפחה אין ניו־יאָרק. און ער איז אַבסאָ־לוט גערעכט וועגן זיין טענה צו ה. לייוויקן, אַז ער האָט מאַנ־גערס בריוו ניט געדאַרפט פאַרעפנטלעכן.

אין זעלבן יאָר 1941 האָט ראַוויטש געשריבן זיינע נאָטיצן וועגן א. מאַנגערן — זיין כאַראַקטער און זיין טאַלאַנט. שפּע־טער איז דער דאָזיקער קורצער אַרטיקל אַריין אין ראַוויטשעס

„מיין לעקסיקאָן", וואָס איז דערשינען אין 1945, מאָנטרעאָל. ראַוויטש ברענגט דאָרט ניט די פאַרעפנטלעכע בריוו מאַנ-גער-לייוויק. אָבער ראַוויטש זאָגט דאָרט: „מאַנגער איז טאַקע דאָס „אָנפאַן טעריבל" אונדזערס, צום מיינסטן טעראָריזירט ער אָבער זיך אַליין". מאַנגערס בריוו צו לייוויקן איז אויך מער אַ „טעראָריזירונג איבער זיך אַליין" איידער „באַליידי-קונגען אויף יידיש". אַזוי האָט עס פאַרשטאַנען משה נאַדיר און אַזוי אויך יעקב באָטאשאנסקי.

⁂

1942. אַ. מאַנגער ליגט אין סט. מערים האָספּיטאַל, לאָנ-דאָן. נאָך און נאָך אַמאָל טראַכט ער איבער — פאַרוואָס קומט אים אַזאַ ביטערער מזל, פאַרוואָס אַזוי פיל ניט-פאַרגינערס, באַהאַלטענע שונאים. און דער דיכטער קלאָגט זיך:

**דערווייל איז מיר ביטער, ס'איז קאַלט און איך ציטער**
**ווי להבדיל דער ציטער־בוים לעבן דער מיל.**
**דער אָוונט, אַ בלינדער בעטלער, אָן קינדער,**
**שפּילט מיט אונדז אַלע זיין שאָטנדיק שפּיל.**

# פון דער קאָרעספּאָנדענץ מלך ראַוויטש —
# איציק מאַנגער

מ. ראַוויטש איז געווען אַ גרויסער פאַרערער און אמתער פריינד פון איציק מאַנגער. די פריינדשאַפט ציט זיך נאָך פון וואַרשע, אַ ביסל האָט ראַוויטש אַליין דערציילט וועגן דעם אין זיין לעקסיקאָן. אין מיין רשות געפינט זיך אַ פּעקל בריוו און זיי באַשטעטיקן אָט די פריינדשאַפט.

אין אַ בריוו צו מאַנגערן, געשריבן דעם 4טן מאַי 1939 פון ניו־יאָרק, עצהט אים מ. ראַוויטש וועגן קומען קיין ניו־יאָרק. ער זאָגט אים צו, אַז צוזאַמען מיט יעקב גלאַטשטיין וועלן זיי שאַפן פאַר אים 200 דאָלאַר און — „אַז מיר וועלן זיין נאָענט צו אונדזער ציל, וועלן מיר אַריינגיין אין אַ בילעטן־ביוראָ און וועלן דיר לאָזן שיקן אַ טור־און רעטור־בילעט. ווייל אַנדערש קאָנסטו גאָרניט האָפן, אַז מע וועט דיך אַריינלאָזן . . . מסתמא וועט פאָרקומען אַן אָוונט” . . . ראַוויטש דערציילט אים, אַז ער וועט באַקומען אַן אָפיציעלע איינלאַדונג פון באַקאַנטן פאַרלעגער ל. שטיין און מעגלעך נאָך פון עטלעכע אינסטיטוציעס. אין זעלבן בריוו גיט אים ראַוויטש חבריש, „פון אור־אייגנסטן פליכטגעפיל געשריבענע” אָנווייזונגען און עצות ווי אַזוי מאַנגער זאָל זיך האַלטן אין ניו־יאָרק. „דו מוזסט ווייזן, אַז דו ביזט אַן איראָפּעער און אויך אַ דזשענטעל־מאַן, דו קומסט אַראָפּ מיט דער חברישער הילף פון חבֿרים און דווקא פון די, וואָס קענען זייער שווער אַרויסנעמען די פּאָר גראָשן. זיי טוען זייער פליכט, אָבער זיי דערוואַרטן פון דיר דאָס נעמלעכע”.

אין עטלעכע וואָכן אַרום זעען מיר שוין מאַנגערן אין פּאַריז, — מעגלעך ער גרייט זיך שוין צו דער רייזע קיין אַמעריקע. די היטלער־מלחמה מאַכט אין גיכן אַ טרויעריקן סוף צו די אַלע פּלענער.

דעם 24סטן יולי 1940 שרייבט מאַנגער אַ בריוו ראַוויטשן פון ליווערפּול, ער דערציילט אים ווי אַזוי אים האָט זיך איינגעגעבן צו קומען קיין ליווערפּול אַדאַנק אַ פראַנצויזישן קאַפּיטאַן. „אויפן שיף בין איך קראַנק געוואָרן און שוין דעם צענטן טאָג וואָס איך ליג אין ליווערפּול אין שפּיטאָל. איצט גייט מיר בעסער און איך וועל מסתמא היינט מאָרגן אַרויס פון שפּיטאָל. איך טראַכט צו פאָרן קיין לאָנדאָן". ער בעט ביי ראַוויטשן ער זאָל אים פאַרבינדן מיטן לאָנדאָנער פּען־קלוב און מיט דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. ער דער־וואַרט אויך הילף פונעם שרייבער־פאַראיין אין ניו־יאָרק.

ניט געקוקט אויף זיין טרויעריקן מצב, דערציילט אים מאַנגער וועגן זיינע נייע ליטעראַרישע פּלענער: „לעצטנס אַר־בעט איך אויף מיין דריט ביבליש ווערק. נאָך די חומש־און מגילה־לידער האָב איך זיך גענומען צו רות. דעם ערשטן ציקל האָב איך שוין אָנגעשריבן, ער הייסט „געזעגענונג", די אַנדערע צוויי ציקלען „אַרבעט" און „ליבע" וועל איך מסתמא אָנשרייבן, לאַמעך נאָר געפינען אַ שטיקל מקום מנוחה. אויב דו ווילסט, קען איך דיר אַריינשיקן די ערשטע צען לידער און אחוץ דעם אַ פּאָר נייע באַלאַדן".

אין דער ירושלימער אויסגאַבע פון „מדרש איציק" זיינען אין דער אָפּטיילונג „רות" אָפּגעדרוקט אַכט לידער, אָן די טיטלען, וואָס מאַנגער דערמאָנט אין זיין בריוו. אויף דעם שער־בלאַט פון רות לייענען מיר: „רות", אָנגעשריבן אין צפון־אַפריקע אין יאָר 1940, איז געוואָרן צום ערשטן מאָל פאַר־עפנטלעכט אין יאָר 1942 אין באַנד „וואָלקנס איבערן דאַך", אין לאָנדאָן". דער שער־בלאַט האָט אויך אַ ווידמונג פונעם דיכטער גופא: „דעם פראַגמענט פון דער פּאָעמע „רות" ווידמע איך מיין שוועסטער שיינדל און איר חבר, דעם וועבער וואָלקע גלאַזמאַן. צוויי דריטל פון דער פּאָעמע, אין איינעם מיט אַנ־

דערע מאַנוסקריפּטן, זענען מיר פאַרלוירן געגאַנגען בעת מיין וואַנדער און וואָגל״.

עס איז ממש צו באַוווּנדערן: פון וואַנען האָט דער צע־בראָכענער און איינגעבראָכענער איציק געשעפּט כּוחות צו טאָן נייע און אָריגינעלע שעפערישע אַרבעט? די גאַנצע אַט־מאָספערע אַרום אים, זיין פיזישער מצב — אַלץ האָט דוכט זיך געפירט צו דעם ער זאָל אָוועקלייגן די פעדער און זיך לאָזן שווימען איבער דעם ים פון זיינע חשכותדיקע שטימונגען און פאַרביטערטקייט. „רות״ — די גאַנצע טעמע איז דאָך פון אויבן ביז אַראָפּ — ריינע עפּישקייט, שטילקייט. די גאַנצע טעמאַטיק פאָדערט אויסערגעוויינלעכן כּוח אַריינצולעבן זיך, אַריינצופילן זיך אין די אימאַזשן און פּסיכיק פון נעמיםביידע שנורן:

ערפּה איז גוט ווי ראָזעווע ברויט
און „רות״ איז פרום און שיין. — —
ערפּה פאַרדרייטלט, די האָר צעלאָזט,
„רות״ אין סיצן קלייד.

ערפּה באַשליסט צו גיין אַהיים און זי רעדט וועגן איר היים:

דאָרט היטן די ווערבעס די ברעגעס פון טייך
און די שטאַרקע דעמבעס — דעם וועג,
דאָרט זענען די נעכט ווי כּלהם פאַרבענקט,
און די מוטיקע מענער — די טעג.

נעמי פאַרשטייט איר, זי געזעגנט זיך מיט דער שנור:

ערפּה שווייגט, זי אָטעמט טיף
און נעמי הייבט אויף די הענט:
אַזוי וויל איז צו דעם, וואָס גייט אַהיים
נאָך יאָרן זיין אין דער פרעמד.

סאַראַ גרויסער מייסטער! ער באַהערשט זיין טרויער און צער, — ער איז אין גאַנצן איבערגענומען מיט דער סיטוא־

ציע פון די דריי פרויען און ער שרייבט וועגן זיי מיט שפּי־
לעוודיקייט און תפילהוודיקייט. עס איז די קונסט פון פּשוטער
מענטשלעכקייט און האַרציקייט, פון פּאַרטיפּטער נשמהדי־
קייט. באַפרייט פון צאָרנדיקער שינאה, איז ער אַריינגעטאָן
אין שיינקייט פון עפּאָס, אין ווייכער רויִקייט, אין שטילקייט
פון פרויאישער פרומקייט און צניעות.

סאַרא גרויסע אבדה, וואָס צוויי דריטל פון דער פּאָעמע
זיינען ביים דיכטער פאַרלוירן געגאַנגען...

⁂

די שטימונגען פון א. מאַנגער טוישן זיך כסדר. אין אַ
בריוו צו ראַוויטשן פון פערטן אָקטאָבער 1940, שרייבט מאַנ־
גער ווידער אַמאָל וועגן זיין צושטאַנד אין לאָנדאָן, און ער
גיסט אויס זיין ביטער האַרץ: „איך האָב גרויס עגמת נפש
פון ר. און מיין פאַמיליע. מיינער אַ טעלעגראַם איז צוריקגע־
קומען פון בוקאַרעשט, אַז מיין טאַטע האָט פאַרלאָזט דעם
אַדרעס, אָן אָנצוגעבן אַ נייעם. מיין האָפענונג איז, אַז ער איז
געלאָפן קיין טשערנאָוויץ פּונקט ווי אַ סך רומענישע ייִדן,
איבערהויפּט אַז זיי שטאַמען פון דאָרטן. איך אַליין וועל אויך
פרוּוון זיך אומקערן קיין טשערנאָוויץ. ארץ־ישראל און אַמע־
ריקע זיינען ווייזט אויס, נישט פאַר מיר. פאַראַן בילכערע.
זאָל זיין אַזוי. איך האָב זיך אויסגעלערנט אַ סך זאַכן גרינט־
לעך פיינט האָבן. און מיט דער שינאה וועל איך זיכער מער
מצליח זיין ווי מיט מיין ביז־איצטיקער ליבשאַפט". און ווײ־
טער לייענען מיר: „איך האָב געשיקט דער צוקונפט דריי סאָ־
נעטן, איינע איז דיר געווידמעט. אויב עס וועט דיר געפעלן
ווערן, וועל איך זיין צופרידן. בכלל שרייב איך איצט סאָ־
נעטן. אַז די ווירקלעכקייט שרייבט באַלאַדעס, פאַרשטייסט,
בין איך אַוועק צום סאָנעט. אָט שיק איך דיר אויף אַ טשי־
קאַוועסט צוויי פון מיינע לעצטע. — — — מען האָט מיר
געזאָגט — אַז מאָרים שוואַרץ אַנאָנסירט מיין כישוף מאַכערין
אונטערן טיטול „די דריי האצמאכס". ס'איז באמת ניט שיין
און טאַקע געמיין אָן דער איינפאַרשטענדיקונג מיט מיר —
מען טאָר עס ניט דערלאָזן".

1942. דער דיכטער האָט שוין פאַרלוירן זיין רויִקן געמיט און ער איז טאַקע באַהערשט פון דער שינאה וועגן וועלכער ער שרייבט אין פאַריקן בריוו. ער דערציילט ראַוויטשן וועגן דעם, אַז סע איז דערשינען זיין נייער בוך (משמעות „וואָלקנס איבערן דאַך") און ער שרייבט: „דעם אמת געזאָגט פריי איך זיך גאָרניט מיטן דערשיינען פון דעם בוך. ווו זיינען מיינע ליבע און נאָענטע, וואָס האָבן עס אינספּירירט? גאָט מיין גאָט, ווו זיינען זיי די מוזעס מיינע פונעם געטאָ? טיף אין זיך האָב איך רעזיגנירט פון אַלץ. אַלע מיינע חלומות האָבן צעבראָכענע פליגל און בלאָע רינגען אונטער די אויגן. ס'איז אַ רחמנות זיי צו פייניקן, כאָטש זיי פייניקן מיך. אוי, פייניקן זיי מיך!

„איך האָב אַ טיפע שינאה צו די פייניקער פון די ייִדן. און טיפע שינאה צו דער זשאַרגאָנאַליע, וואָס האָט זיך אַזוי הפקרדיק באַצויגן צו מיר. ניט נאָר איך האָב ניט געקענט אַרויסהעלפן מיינע נאָענטע און ליבע דענצמאָל ווען מען האָט נאָך געקענט. איך אַליין בין געווען דער אָביעקט פון אַ נידער־טרעכטיקן שפּיל, אַן איינציקאַרטיקער שפּיל מיט אַ באַרימטן דיכטער, וואָס האָט ניט קיין עקוויוואַלענט ביי קיין שום פאָלק אין דער וועלט. — — — איך ווייס אַז איך האָב אַלצדינג פאַרלוירן, און דערפאַר וועל איך מיר גיין מיין וועג אַליין, דער וועג זאָל מיר אַפילו אָוועקפירן ווייט ווייט פון דעם גיין, וואָס איך האָב ביז אַצינד געגלויבט און גרייט געווען זיך מקריב צו זיין".

אין דעם ציטירטן בריוו זיינען דאָ זייער שאַרפע באַ־שולדיקונגען קעגן די ציוניסטן און בונדיסטן, אויך פערזענ־לעכע טענות און בייזע כאַראַקטעריסטיקעס פון אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן און שריפטשטעלער. די דאָזיקע שטימונגען געדויערן ביי אַ. מאַנגערן די ווייטערדיקע עטלעכע יאָר. אַ שפּעטערדיקער בריוו צו ראַוויטשן פון 21סטן יולי 1947 דער־ציילט אונדז — מאַנגער איז פול מיט פאַרביטערטקייט, פאַר־לוירנקייט, אומצוטרוי צו דער ייִדישער סביבה, און — ברא־וואדא אָן אַ שיעור. „וועגן מיר, לייענט זיך דער בריוו, איז גאָרניט דאָ וואָס צו שרייבן. אויב דו ווייסט ניט, מעלדע

איך דיר: איך האָב זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו קומען קיין אַמעריקע, צוריקגעשיקט מײַנע אַפּידייוויטס צו כאַנינען, גע־מאָלדן דעם אַמעריקאַנישן קאָנסול, אַז ער זאָל מיך אויס־שטרייכן פון דער קוואָטע, ס׳איז מיר ניט אינטערעסאַנט זיך צו באַגעגענען מיט די זשאַרגאָנישע לומפּן פון אַמעריקע... אויך דו אין דײַן לעקסיקאָן (האָסט) געמאַכט פון מיר אַ באָזשע באָ, אַ סקאַנדאַליסט, אַ שיכור, געשראָקן די גענדז פון דער זשאַרגאָן־אימפּעריע.

„רעזולטאַט: איך פײַף אויף אײַך מיטן זשאַרגאָן אין איינעם. איך רעד און שרייב ענגליש פּערפעקט. מײַן רע־פעראַט אין אָקספאָרד האָט געמאַכט אַ רושם אין ענגליש וועגן יידישן פאָלקלאָר. וועגן יידישער ליטעראַטור האָב איך זיך אָפּגעזאָגט צו ריידן. ניטאָ אַזוינס — האָב איך געזאָגט, און אויב עס איז דאָ אַזוינס, ווייס איך ניט דערפון.

„אַרטור ווײַלי, דער באַרימטער איבערזעצער פון דער כי־נעזישער פּאָעזיע, לערנט זיך צוליב מיר יידיש, ווי דו זעסט פון זײַן בריוול צו מיר. שיק עס דעם וויסנשאַפטלעכן אינס־טיטוט, ס׳וועט זיי פרייען. ווען די זשאַרגאָניסטן טרייבן אַפילו די יידישע יוגנט פון יידיש אין אַמעריקע, געווין איך פרײַנד פאַר יידיש דורך מיר, דורך מײַן פּאָעזיע — פאַר יידיש.

„מיט דעם בוך „דער שניידער געזעלן נאָטע מאַנגער זינגט״, וואָס וועט דערשײַנען אין גיכן, אַ מצבה פאַר מײַן ברודער, האָב איך געענדיקט מיטן זשאַרגאָן אויף אייביק. די זשאַרגאָ־נאַליע האָט געפּועלט, זי האָט פאַרטריבן איציק מאַנגערן. און איציק מאַנגער פײַפט אויף דער זשאַרגאָנישער אומשטערב־לעכקייט. דאָס איז אַלץ״.

מיט טיפן ווייטיק און מיט אַ פּײַנלעכן געפיל וועט דער אָביעקטיווער לייענער, אָן פאָרורטײלן, לייענען אָט די ווער־טער פון א. מאַנגער. ווײַל ניטאָ קיין לאָגישקייט, אויסגע־האַלטנקייט אין מאַנגערס וואָרפן דעם גט צו יידיש, צו יידי־שער ליטעראַטור. אפשר איז עס טאַקע ניט מער ווי „קינ־דישקייט״, אַזוי ווי ה. לייוויק האָט זיך אויסגעדריקט אין זײַן בריוו. ניין, איציק מאַנגער וועט ניט פאַרלוירן גיין פאַר דער

יידישער פּאָעזיע. ער קען ניט אַרויס פון זיין אייגענער הויט. אָן יידיש, אָן יידישער סביבה איז זיין לעבן אַ פּוסטקייט. זיין שטימונג וועט זיך אין גיכן ביטן. ער וועט קומען קיין קאַנאַדע, קיין ניו־יאָרק — ער וועט צוריק ווערן און בלייבן איציק מאַנגער.

⁂

ביי מ. ראַוויטשן געפינען זיך אייניקע בריוו פון בן ציון מרגליות, דעם דירעקטאָר פון לאָנדאָנער פאַרלאַג ארדט, און מיר געפינען דאָרט אייניקע אינטערעסאַנטע באַמערקונגען וועגן מאַנגערן. אין אַ בריוו פון 22סטן יוני 1947 לייענען מיר: „דאָס לעבן אין דער היגער (לאָנדאָנער) משפחה גייט אָן אַזוי ווי אימער — קבצניש, אביוניש אין גייסט און פינאַנסן. וואָס זאָגט איר צו מאַנגערס בוך? וועגן זיין ווידמען צו אייך קאָן מען פיל זאָגן, אָבער איר האָט אַמאָל געשריבן — וואָס זאָל מען טאָן, ס'איז מאַנגער, ליידט מען. אין אַלגעמיין איז ער איצט מער געלאַסן און רויק. ער הערט אויך וואָס מע רעדט צו אים. מיר האָפן אים צו ברענגען קיין שווייץ אויף עטלעכע חדשים". אין מאַרגליותס אַ בריוו פון 19טן סעפּטעמבער 1947, לייענען מיר: „מאַנגער איז ברוגז מיט דער וועלט, אָבער מיט מיר חבר. שוין אַ זייער לאַנגע צייט זיך ניט געקריגט. זיין ביכל האָט איר דאָך באַקומען, אָבער איצט וועט דערשיינען זיין נייעסטער בוך „נאָמע מאַנגער דער שניידער־געזעלן זינגט". איך האָב פאַריקע וואָך אָוועקגענומען דעם מאַנוס־קריפּט, מיט שווערער מי אַרויסבאַקומען פון אים — ערלעך אים באַצאָלט אין פאָרויס."

„אַ שאָד וואָס מ'האָט אים ביז איצט ניט אַרויסגענומען פון דעם עמק הבכא פון לאָנדאָן און צווישן מענטשן אין אַמעריקע, אַרגענטינע אָדער קאַנאַדע אַריינגעזעצט. ס'איז דאָ איינפאַך ניט פאַראַן די סביבה פאַר אים". אין אַ בריוו פון 11טן אויגוסט 1951 לייענען מיר: „זיין נייער בוך, וואָס ער האָט אַזוי קאָסט־שפּיליק אַרויסגעגעבן, וויל זיך גאָרניט פאַר־קויפן. עס איז פאַר היגע לייענער צו שווער און ס'איז ניטאָ ווער עס זאָל זיך דערמיט באַשעפטיקן". אין אַ צווייטן בריוו

לייענען מיר: „מאַנגער איז שוין אוודאי דאָרט (אין ניו־יאָרק). ער האָט געהאַט זייער אַ פיינעם אָפּשייד פון דאַנען און איך האָף, אַז ער וועט דאָרטן באַגליקן און וועט טרעפן פילע פון זיינע פריינד און פאַרערער, און וועט אויך מאַטעריעל האָבן ערפאָלג".

די דאָזיקע האָפענונג פונעם לאָנדאָנער פריינד איז טאַקע, ווי מיר וועלן זען אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך, טיילווייז מקוים געוואָרן.

# אין דער ענגלישער סביבה

אין 1941 האָט זיך ענדלעך א. מאַנגער דערשלאָגן קיין לאָנדאָן. איינזאַם, דער מצב אין פּוילן האָט אים געפּייניקט, אַליין אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, אָן געלט אָן פריינד, — „מיט איין פּאָר שיך, איין העמד אויפן לייב, אין דער האַנט דעם שטעקן"...

געקומען קיין לאָנדאָן אַ קראַנקער. ווי עס איז שוין אויבן דערמאָנט געוואָרן, איז מאַנגער לכתחילה אָנגעקומען קיין ליווערפּול, פון שיף האָט מען אים גענומען גלייך אין אַ דאָר־טיקן שפּיטאָל. דער געוועזענער הויפּט־רב אין ישראל, אונ־טערמאַן, איז דעמאָלט געווען רב אין ליווערפּול. ער איז גע־ווען דער ערשטער, וואָס האָט מאַנגערן געזען. ער האָט אַרויס־גערופן פון לאָנדאָן שטענצלען. שטענצל דערציילט וועגן דעם: „זיין קאָנען קומען פון געפענגעניש־שפּיטאָל קיין לאָנ־דאָן, האָט געפועלט דער רב פון ליווערפּול אונטערמאַן". פון ליווערפּול איז מאַנגער טאַקע באַלד געקומען קיין לאָנדאָן.

די באַשרייבונגען פון יוסף לעפטוויטש, מיכאל זילבער־בערג א"א גיבן אונדז אַ פול בילד פון מאַנגערס דעמאָלסטיקן מעמד. לאָנדאָן איז פאַר אים געווען אַ קאַשמאַר, אַ גיהנום. אינעם יידישן לאָנדאָן פון יענער צייט איז שוין קיין סימן ניט געווען פון אַמאָליקן ווייטשעפּל, ווו מאָרים ווינטשעווסקי, מאָרים ראָזענפעלד א"א, צוזאַמען מיט די אַנאַרכיסטישע און סאָציאַליסטישע טוערס, האָבן אַנטוויקלט אַ רייכע גייסטיקע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. ניט געווען מער קיין יידיש פאָלקס־לעבן, פאָלקס־באַוועגונגען. ערגערניש און פאַרדרוס האָבן באַהערשט מאַנגערס געמיט. די בענקשאַפט נאָכן פּוי־

ליש-יידישן לעבן, זיין איזאָלירטקייט האָבן אים געמאַטערט. ניויאָרק איז איצט געווען זיין טרוים. קראַנק און אין שטענדיקן הונגער, אָן שום מעגלעכקייט פון אַ רעגולער לעבן. ער שעלט, זידלט אַלץ און אַלעמען, ער רייסט זיך קיין ניו-יאָרק און ער איז איבערצייגט, אַז ה. לייוויק, א. לעיעלעס א״א קענען אָבער ווילן ניט אים אַרויסנעמען פון לאָנדאָן קיין ניו-יאָרק. דער אויבן-ציטירטער עפּנטלעכער ענטפער פון לייוויקן צו מאַנגערן, האָט, פאַרשטייט זיך, קיין באַרויִקונג ניט געקענט ברענגען דעם דיכטער.

צוביסלעך וואַקסט מאַנגער אַריין אין אָרטיקן לאָנדאָנער לעבן און מלחמה-ווירקלעכקייט. ער באַפריינדעט זיך מיט געוויסע יידישע געזעלשאַפטלעכע טוערס און ליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראַטור, און במשך די נאָענטע עטלעכע יאָר גיט ער אַרויס מיט זייער הילף עטלעכע נייע ביכער: „וואָלקנס איבערן דאַך״ (ליד און באַלאַדע), 1942, פאַרלאַג „אליינעניו״, לאָנדאָן; אין 1947 גייט אַרויס אין זעלבן פאַרלאַג זיין „האָצמאַך-שפּיל״ (אַ גאָלדפאַדען מאָטיוו אין דריי אַקטן״); אין 1948 — „דער שניידער-געזעלן נאָטע מאַנגער זינגט״ (לידער) — מיט אַן עסיי פון ש. ביקל און הילע פון אַרטור קאָלנין, פאַרלאַג „אַראַראַט״, לאָנדאָן. גרויס פאַרדינסט אין דעם דאָזיקן פאַרלעגערישן אויפטו האָט בן ציון מאַרגוליעס. אין זיין פאָררעדע צו „נאָטע מאַנגער״ דריקט אויס איציק מאַנגער זיין דאַנק „די לאָנדאָנער אַררט-פאַרלעגערס בן ציון מאַרגוליעס, אַלעקסאַנדער מאַרגוליעס, אָסקאַר פיליפּן און ד״ר ראַווידאָוויטש — פאַר זייערע באַמיִונגען, אַז דאָס בוך זאָל דערשיינען און אַז עס זאָל אויסזען אַזוי שיין״. וועגן זיין בוך „האָצמאַך-שפּיל״ זאָגט זיך אין שער-בלאַט: „דאָס דאָזיקע בוך איז אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון דעם יידישן קולטור-טוער אין יאָהאַנעסבורג, יונה גלאַזער״. דער לעצטער פלעגט זייער אָפט זיין אין לאָנדאָן און האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט מאַנגערן.

יואל צאַנג האָט אין יענע יאָרן רעדאַגירט דעם „פּאָליש דזשואיש אָבסערווער״ און ער האָט דאָרט אָפט געדרוקט מאַנגערס זאַכן אויף יידיש און אין ענגלישער איבערזעצונג. דער

אַרויסגעבער פון „דזשואיש סטאַנדאַרד", דער פּאָעט אבראַ־האַמס און זיין פרוי — האָבן אַרויסגעוויזן אַ וואַרעמע באַציִונג צו מאַנגערן. אויך אַנדערע שרייבער און קינסטלער, וואָס האָבן פאַרערט מאַנגערס טאַלאַנט, האָבן אים ווי מעגלעך גע־האָלפֿן (בערל לאַקער און זיין פֿרוי מלכה, ד"ר י. מאַטלים א"א).

איציק מאַנגער האָט געגומען שטודירן די ענגלישע שפּראַך און ליטעראַטור, ער האָט באַקומען פריינד אין דער ניט־יִדישער וועלט. אַרטור ווײַלי, וועמען מאַנגער האָט אין דער ניו־יאָרקער אויסגאַבע פון זיינע „לידער און באַלאַדן" (1952) געווידמעט דאָס ליד „איך אַ הונט אויף דער קייט", איז אַליין געווען אַ פּאָעט און האָט באַקומען דעם „קווינס פּרייז פֿאַר פּאָעזיע". ווײַלי האָט געהאַלטן איציק מאַנגערן פֿאַר „איי־נעם פון די גרעסטע פּאָעטן אין אונדזער היינטיקער צייט". וועגן אָט דעם פּעריאָד דערציילט י. לעפּטוויטש (אין זיין אַרטיקל „איציק מאַנגער אין לאָנדאָן" געדרוקט אין דזשואיש וואַנגאַרד): „מאַנגער האָט זיך שטאַרק פֿאַראינטערעסירט מיט דער ענגלישער פאָלקספּאָעזיע און פאָלקס־אידיאָם, ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער ענגלישער ליטעראַטור. ער האָט געקענט די אַלטע מיסטערי־שפּילן, בוניאַן, סוויפט, מאַרלאָו, בען דזשאָנסאָן, בלייק. ער האָט געפונען אַ קרובהשאַפט אין דער ענגלישער ליטעראַטור. ער האָט אַליין געגומען שרייבן ענגליש. אין איינעם פון זיינע לידער האָט ער אָנגערופן דין סוויפט — זיין פריינד. ער האָט פּלאַנירט צו שאַפן אַ גרויסע אַנטאָלאָגיע פון דער ענגלישער פּאָעזיע אין זיין יִדישער איבערזעצונג, אונטערן נאָמען "From Herrick to Burns"

אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד גיט איבער י. לעפּטוויטש וועגן יענער צייט. געווען דאָרטן אַ זומער־שול פֿאַר יִדישע יוגנט־לעכע, ביים ים אין בריטאַן. דער אָרגאַניזאַטאָר איז געווען שטאַמלער, היינט אַ באַקאַנטער אַדוואָקאַט. האָט מען דאָרט אָראַנזשירט פֿאַר די סטודענטן אַ קורס וועגן יִדישער ליטע־ראַטור און מע האָט געזוכט אַ פּאַסיקן קאַנדידאַט אויף צו פירן דעם קורס. לעפּטוויטש האָט פאָרגעלייגט מאַנגערן, און מאַנגער איז דאָרט געווען אַ גאַנצע וואָך צוזאַמען מיט די

יונגע חברה אין איין הויז ביים ים. מאַנגער האָט איבער־געלאָזט דעם בעסטן איינדרוק ביי זיי.

מאַנגער איז געווען זייער צופרידן פון דער באַגעגעניש מיט דער לאָנדאָנער ייִדישער יוגנט. ער פלעגט אָפט פאַר־ברענגען מיט זיי, דערציילן זיי וועגן ייִדיש, וועגן ייִדישער פּאָעזיע. שטאַמלער דערמאָנט זיך: „מאַנגער האָט פאַר דער יונגער חברה געזונגען אַ ליד פונעם בעטלער מיט דער קאַ־טערינקע, מיט אַ ניגון וואָס ער גלייבט, אַז מאַנגער האָט עס אַליין פאַרפאַסט" (מסתמא מאַנגערס באַקאַנטע „בעטלער־ליד").

⁂

אין דעם פיינלעכן פּראָצעס פון מאַנגערס אַקלימאַטיזירן זיך אין לאָנדאָן האָט אַ גרויסע ראָל געשפּילט די איידעלע אינטעליגענטע פרוי מאַרגאַרעט וואַטערהאַוז. אַ באַקאַנטע בוכהענדלערין, האָט זי געהאַט גרויסע פאַרבינדונגען אין דער ענגלישער ליטעראַרישער וועלט און מ'האָט דאָ צו איר זיך באַצויגן מיט רעספּעקט. זי האָט קיין מאָל ניט חתונה געהאַט און זיך אינגאַנצן געווידמעט איר משפּחה, וואָס איז באַשטאַ־נען פון אַן אַלטער מוטער און אַ קראַנקן ברודער. די אויבן־דערמאָנטע אַלמנה פון אייבראַהאַמס איז געווען אַ נאָענטע פריינדין פון מאַרגאַרעט, אַזוי אַז דאָס ייִדישע לעבן איז ניט געווען פרעמד פאַר דער פרוי מאַרגאַרעט. זי האָט זיך שטאַרק צוגעבונדן צו מאַנגערן, געזאָרגט וועגן זיין געזונט, זיין אויפ־האַלט און נויטווענדיקייטן. פרוי מאַרגאַרעט איז געווען פאַר מאַנגערן אַ מלאך הגואל. אין איינעם פון אירע בריוו צו לעפטוויטשן שרייבט זי: „איך האַלט, אַז מאַנגער איז אַ גרוי־סער פּאָעט און אים איז שווער זיך צוצופּאַסן צו די מאָסן פון אַנדערע מענטשן. ד"ר געליבטער האָט מיט מיר גערעדט וועגן דעם, וואָס ער רויכערט צופיל. אָבער איך קען אים ניט אָפּהאַלטן פון דעם. זיינע נערוון זיינען צעפליקטע. עס זעט אויס אַזוי ווי אַ דראַג־געוווינהייט". אַן אינטעליגענטע ליידי, אַן אָפּשטאַמיקע פון דעם גרויסן ענגלישן פּאָעט שעללי, האָט זי ניט געקענט פאַרטראָגן מאַנגערס „קריגן זיך מיט דער

וועלט", זיין טרינקען, זיינע זידלערייען און אָנפאַלן אויף געוויסע פּערזאָנען פון דער יידישער געזעלשאַפט. „דאָס איז ביי איר, האָט זי געזאָגט מיכאל זילבערבערגן, פאַרבליבן אין זכרון ווי איינע פון אירע שווערסטע איבערלעבונגען".

פרוי מאַרגאַרעט האָט מאַנגערן אַריינגעפירט אין די ענגלישע ליטעראַרישע קרייזן. אָרעם און נעבעכדיק געקליידעט, אָפּגעלאָזן, מיט צעשויבערטע מאַניערן, האָט ער דאָך געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף די ענגלישע שרייבער און זיי האָבן געהאַלטן פון זיין טאַלאַנט. ווען מאַנגער האָט שפּעטער פאַרלאָזט לאָנדאָן, האָט פרוי מאַרגאַרעט געזאָרגט וועגן דעם, אַז די גרויסע צאָל יידישע ביכער און בריוו, וואָס האָבן זיך ביי אים אָנגעקליבן, זאָלן ניט גייט לאיבוד און באַקומען אַ תיקון. אָט די אַטמאָספערע, וואָס פרוי מאַרגאַרעט האָט זיך באַמיט צו שאַפן פאַר מאַנגערן, האָט בלי ספק אַ סך פאַרלייכטערט זיין לאַגע.

אין זיין בוך „שטערן אין שטויב" (ניו־יאָרק, 1967) האָט מאַנגער אָפּגעדרוקט זעקס לידער — „אַן אַלבום פאַר מאַרגאַרעט". דאָס לעצטע ליד Auld Lang Syne לייענט זיך אַזוי:

מיר זינגען אין איינעם „אַלד לענגן סיין",
און מיר האַלטן זיך ביי די הענט.
דער ווייך אין די גלעזער פינקלט רויט,
דאָס ליכט אין די שפּיגלען בלענדט.

איך זינג אויף אַ קול „פאַר אַלד לענג סיין",
מיט אויגן פאַרווייניטע, רויטע, —
איך זינג מיט אייך און האַלט ביי די הענט
מיינע מיליאָנען טויטע.

אויך דאָס באַרימטע ליד פון מאַנגערן „דאָס ליד פון דער גאָלדענער פּאַווע" האָט ער אין דער ניו־יאָרקער אויסגאַבע פון זיין בוך „ליד און באַלאַדע" — געווידמעט צו מאַרגאַרעט.

פֿאַר די צען יאָר אין לאָנדאָן האָט מאַנגער אָנגעשריבן אַ היפּשע צאָל פּרעכטיקע לידער און באַלאַדעס. ער האָט געשריבן עסייען און סקיצן פֿאַר יידיש־ענגלישע צייטונגען. דאָס האָט אים געגעבן אַ ביסל גייסטיקע באַפֿרידיקונג און אויך מאַטעריעלע הילף. די אויבנדערמאָנטע ביכער, וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט אין לאָנדאָן, זיינען געווען ליכטיקע מאָמענטן אין זיין טרויעריקן לאָנדאָנער פּעריאָד.

„יואל צאַנג, דערציילט לעפּטוויטש, וועלכער האָט דאָן אַרויסגעגעבן אין לאָנדאָן אַ וואָכנבלאַט אויף יידיש און ענגליש און האָט מאַנגערן געדרוקט אין אָריגינאַל און אין ענגלישער איבערזעצונג, האָט אין אַן אַרטיקל אין „דזשואיש קראָניקל״, ווען מאַנגער איז שוין געווען אין אַמעריקע, ווען ס׳איז דאָרט אַרויס זיין גרויס בוך **ליד און באַלאַדע**, געשריבן אַז מאַנגערס לאָנדאָנער יאָרן זיינען געווען זיינע רייכסטע און שעפֿערישסטע יאָרן. „אין ענגלאַנד איז ער דערוואַקסן צו זיין אמתער גרויס״. יואל צאַנג האָט אויך אָפּגעדרוקט אין זיין בלאַט, ווען שמואל זיגעלבוים איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין לאָנדאָן ווי אַ פּראָטעסט קעגן דער גלייכגילטיקייט פֿון דער וועלט בעת מען קוילעט אויס די יידן אין פּוילן, — דאָס ליד, וואָס מאַנגער האָט דעמאָלט אָנגעשריבן: „מיין שינאה־ליד״, וואָס איז שפּעטער אַריין אין זיינע ביכער. צאַנג האָט אויך געדרוקט דאָס ליד, וואָס מאַנגער האָט געשריבן צו דין סוויפֿט, אויך דאָס ליד, וואָס ער האָט אָנגעשריבן ביי בייראָנס קבר אין לאָנדאָן — סיי אין מאַנגערס יידיש, סיי אין מיין ענגלישער איבערזעצונג״.

אין דעם באַנד „שטערן אין שטויב״ איז אָפּגעדרוקט דאָס „ליד וועגן דין דזשאָנאַטאַן סוויפֿט און דעם יידישן גראַמען־מאַכער איציק מאַנגער״. אין זעלבן באַנד האָבן מיר אַ ליד „די באַלאַדע פֿונעם שטאַרבנדיקן קריסטאָפֿאָר מאַרלאָאו און דעם ייִד פֿון מאַלטאַ״. ביידע לידער האָבן ניט קיין דאַטעס, אָבער עס איז קלאָר, אַז זיי זיינען געשריבן אין לאָנדאָנער פּעריאָד. אין ביידע לידער קומט צום אויסדרוק מאַנגערס געפֿיל וועגן דער דיסטאַנץ — צווישן די צוויי ענגלישע קלאַסיקער און דעם גורל פֿון אַ יידישן „גראַמען־מאַכער״. זיי זאָגן

עדות, אַז מאַנגער האָט באַוויזן אַריינצוּוואַקסן און ווערן באַ־האַוונט אין דער ענגלישער ליטעראַטור און סביבה. זיין דרך ארץ און אָפּשאַץ פון די קלאַסישע ענגלישע וואָרט־קינסט־לער — איז געווען גרויס.

איך ברענג דאָ אַ פּאָר סטראָפן פון ביידע לידער.

פון קריסטאָפער מאַרלאָאו

ווער איז די ווילדע געשטאַלט
וואָס שאַרט זיך לעבן בעט
פון דעם קראַנקן פּאָעט,
צעשויבערט ווי דער וואַלד?

דער דיכטער פיבערט: אַלאַם,
ס'איז ער, דער מאָנסטער יי"ד,
איך דערקען זיינע שטילע טריט,
וואָס ווילסטו, באַראַבאַס? — — —

נאָר ס'ציטערט די געשטאַלט,
פון רייד פון צער און שפּאָט, —
בעת כ'האָב געחלומט „גאָט",
האָסטו געחלומט „וואַלד".

פון דזשאָנאַטאַן סוויפט

ער שוויינט. ביים נאָענטן וואָקזאַל
פייפט דער צוג קיין ליליפּוט,
ער טוט אָן דעם צעקנייטשטן הוט
און פאַרוויקלט דעם האַלדז מיט שאַל.

ער גייט. „אַ גוטן, ר' איציק"!
די סעפּטעמבער־לבנה איז גרויס
איבער דעם שכנס הויז
און זי חוזקט „איציק שפּיציק" . . .

**ציִנד אָן אין מיין פֿענצטער די שטערן,**
**ס'איז צופֿיל שאַ און שטיל,**
**גיב לשון צוריק דער גריל**
**און באַפֿריי די טרערן.**

אינעם לאָנדאָנער פּעריאָד האָט א. מאַנגער געשריבן די לידער: „די באַלאַדע פֿון איוב דעם תבואה-סוחר" (1941); „שאול און דוד" (1942); „קין און הבל" (1941); „חוה און דער עפּל-בוים" (1941).

אין „מדרש איציק", אין דער אויסגאַבע פֿון העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים, וואָס איז רעדאַגירט דורך חנה שמערוק, זאָגט דער לעצטער: „דאָס ליד „חוה און דער עפּל-בוים", „די לידער פֿון מגילת רות" און אַלע באַלאַדעס אויף תנ"ך-טעמעס זענען געשריבן אין די יאָרן 1940-1942 און זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין מאַנגערס בוך „וואָלקנס איבערן דאַך", לאָנדאָן, 1942. די לידער „דער אַלטער תרח", „דינה בת יעקב", „יוסף הצדיק" און אַלע לידער פֿון דער אָפּטיילונג „שמואל" זיינען אָפּגעדרוקט אין זיין בוך „דער שניידער געזעלן נאָטע מאַנגער זינגט", לאָנדאָן, 1948.

אַ חוץ די אָנגערופֿענע, זיינען נאָך אַנדערע לידער געשאַפֿן געוואָרן אין יענע לאָנדאָנער יאָרן: „אליהו הנביא לייזט אויס דער מאַמעס סאַמעטן קלייד פֿון לאָמבאַרד (1941); „מוסר-ליד" (ווו עס ווערט דערמאָנט די „צאַרטע מאַרגאַרעט"), (1942). „עפּילאָג" (1942); „צייט-באַלאַדע" (1940); „ליד" די אַלע לידער האָבן דעם חן און כאַראַקטער פֿון מאַנגערס פּאָעטישער שאַפֿונג. זיי לייקענען אָפּ די בייזוויליקע לעגענדע, אַז זינט מאַנגער האָט פֿאַרלאָזן וואַרשע האָט ער גאָרנישט געשאַפֿן.

איך האָב שוין עטלעכע מאָל דערמאָנט דאָס בוך „וואָלקנס איבערן דאַך", וואָס איז דערשינען אין לאָנדאָן, 1942. אין אַ געוויסער מאָס איז דאָס דאָזיקע בוך אַ צייכן פֿונעם איבערבראָך אין מאַנגערס שטימונגען. אין דער פֿאָררעדע צום בוך דערקלערט דער דיכטער דעם נאָמען פֿון בוך אַזוי: „שטערן אויפֿן דאַך" (מיין ערשטער בוך) — אַן עקספּלאָזיע

פון יוגנטלעכער פאַרשייטקייט און יינגלישן טרויער. וואַלקנס איבערן דאַך מיינט אַ געבויגענער יידיש-פּאָעטישער קאָפּ אין רייפן באַדויער".

פון מאַנגערס לענגערער פאָררעדע אין דעם בוך וועלן מיר נאָך ציטירן די ווייטערדיקע ווערטער: „דאָס בוך דערשיינט לזכר דער חרובער היים פון זיין עקסעלענץ דעם שניידער-מייסטער הלל מאַנגער, אַ היים פון יידישער ארבעט, ארעמ-קייט און פּאָעזיע. און לכבוד די צוויי ליבטיקע געשטאַלטן אין מיין לעבן און אין מיין ליד, דעם שניידער-געזעלן נאָטע מאַנגער און דער שריפטשטעלערין רחל אויערבאַך". נאָך דעם ווי ער רעכנט אויס אַ היפשע צאָל לידער וואָס זיינען געווידמעט צו פאַרשיידענע פּערזאָנען, שרייבט מאַנגער: „דעם פראַגמענט פון דער פּאָעמע „רות" — פאַר מיין שוועסטער שיינדל און איר חבר דעם וועבער וואלקע גלאַזמאַן. צוויי דריטל פון דער פּאָעמע, אין איינעם מיט אַנדערע מאַנוס-קריפּטן, זיינען מיר פאַרלוירן געגאַנגען בעת מיין וואַנדער און וואַגל. די לידער „עפּילאָג" און „אַנזאָג" ווידמע איך דעם ערשטן אמתן ייִדישן פּאָעט וואָס וועט קומען פונעם געטאָ".

***

אַ פּאָפּולערע טעמע צווישן מאַנגערס שונאים און ניט-פאַרגינערס איז געווען מאַנגערס „שיכרות" (איך האָב דעם ענין באַהאַנדלט אין מיין בוך „איציק מאַנגער", ז' 27, א"וו). אַן אינטערעסאַנטע באַמערקונג וועגן דעם געפינען מיר אין י. לעפּעטוויטשעס אַרטיקל „איציק מאַנגער אין לאָנדאָן" (ענג-ליש). לעפּוויטש דערציילט: „אַזוי ווי אַלע זיינע פריינד, האָב איך אויך געליטן פון מאַנגערס אויפברויזן פון אויפגערעגטן צאָרן און שיכרות-אַנפאַלן. וועגן מאַנגערס טרינקען, שיכורן זיינען אומגעגאַנגען אַ סך לעגענדעס. דאָס איז אפשר מאָדנע, אָבער איך וואָס האָב אים געזען זייער אָפּט, האָב אים קיין מאָל ניט געטראָפן שיכור. איך בין חושד, אַז ער איז ניט אַזוי ווייט געווען אַ טרינקער, ווי אַז ער האָט ניט געקענט פאַרטראָגן

דאָס טרינקען, און אַ קליין ביסל איז געווען גענוג אים צו באַרוישן. איך מיין, ער איז מער געווען שיכור פון פאַרבי־טערטן כעס, איידער פון אַלקאָהאָל".

אַ צווייטער לאָנדאָנער תושב, דער געלער־נטער און שריפט־טשעלער יעקב י. מייטלים, רעדט אויף דער טעמע אין אַ בריוו צו מיר מיט אַ סך טאַקט און קלוגשאַפט: „אוודאי האָב איך זכרונות וועגן מאַנגערן, און נאָך וואָס פאַראַ זכרונות. נישט תמיד זיינען געווען זייער געראָטענע טרעפעונישן מיט אים . . . ווייס איך ניט צי מ׳קען אָדער צי מ׳זאָל אַזוינס גאָר דערמאָנען. אַ דיכטער פון דעם פאַרנעם פון מאַנגערן האָט זיך זיין פּאָעטישע ליצענץ. מעג ער אויך זיך בריקעווען און אָפּטאָן שטיק. האָבן מיר אפשר גאָרניט קיין רעכט אים צו משפּטן לויט אונדזער מענטשלעכער „נאָרמאַלקייט". היינט, איז דאָך אויך פאַראַן ביי יעדן אַ שפּאָר ביסל פּאָזע מיט אירע הנדלען. הקיצור, עס איז דאָ וועגן דעם אַ סך צו ריידן".

### א. מאַנגער און זיין ענגלישער פריינד דאַן דייווין

מאַנגערס „שיכורן" האָט אים גאָרניט געשטערט צו געווינען פריינד צווישן דער ענגלישער אינטעליגענץ. איך פאַרעפנטלעך דאָ אַ סעריע בריוו, וואָס מאַנגער האָט געשריבן צו איינעם פון זיינע ענגלישע פריינד — דאַן דייווין — אַ מחבר פון זעקס ביכער און אָנגעזעענער זשורנאַליסט, אויך דער אָנפירער פון דעם גאָר וויכטיקן „אָקספאָרד יוניווערסיטי פרעס און קלאַרענדאָן פרעס". ערשט דאָ ניט לאַנג, אין 1973, איז אין ניו־יאָרק אַרויס זיין נייער ראָמאַן "Brides of Price"

דייווין האָט זיך צוגעבונדן צו מאַנגערן און גערעדט וועגן אים ווי וועגן אַ ברודער. מאַנגער ווידער האָט ליב געקראָגן דייווינס משפחה — די פרוי און דריי קינדער. די בריוו פון מאַנגערן צו דייווינען וואָס מיר פּובליקירן דאָ, ווייזן מאַנגערס באַציאונגען מיט די מענטשן פון דער ענגלישער סביבה. מיר זעען דאָ אויך דעם גייסטיקן מצב פון מאַנגערן אין זיינע

לעצטע לאַנדאַנער יאָרן. די בריוו ווייזן אונדז דעם גאַנצן מאַנגער — דעם דיכטער, דעם פאַנטאַזיאָר, מיט זיין גוט־מוטיקן הומאָר און קלוגשאַפט.

זיין ליבשאַפט צו דאַן דייווינס קינדער און זיין קאָרעס־פאָנדענץ מיט זיי — זיינען אמת רירנד. זיין פעאיקייט צו שאַפן פריינד און קענען זיי אָפשאַצן — איז מערקווירדיק. פון דער אַנדערער זייט שפּיגלען אָפּ די בריוו די באַציאונג פון די ענגלישע אינטעליגענטן צו מאַנגערן, אַ באַציאונג ניט נאָר פון דרך־ארץ פאַר זיין טאַלאַנט, נאָר אויך פון אינטימ־קייט און געטריישאַפט. אַפילו איצט, אין 1972, ווען איך האָב קאָרעספּאָנדירט מיט דאַן דייווין, האָט ער גערעדט וועגן מאַנגערן מיט ליבשאַפט און אַרויסגעוויזן גרויס אינטערעס צו מיין אַרבעט איבער די דרייסיק יאָר פון מאַנגערס לעבן און שאַפן. ער האָט מיר צוגעשיקט פאָטאָקאָפּיעס פון אַלע בריוו מאַנגערס, פאַר וואָס איך דריק אים דאָ אויס מיין האַרציקן דאַנק. פאַרשטייט זיך, מאַנגערס בריוו זיינען גע־שריבן אויף ענגליש — די יידישע איבערזעצונג וואָס מיר דרוקן דאָ איז געמאַכט דורך גענים מאַנגער. אַ טייל בריוו זיינען דורך מיר געקירצט, אַנדערע דורכגעלאָזן. אַלע בריוו הייבן זיך אָן „ליבער דאַן" און זיינען געחתמעט „דיין איציק מאַנגער" אָדער פשוט איציק.

### בריוו פון א. מאַנגער צו דאַן דייווין

סעפּטעמבער 8, 1950

איידער איך האָב אָנגעהויבן דעם בריוו צו דיר, האָט מיר געקלונגען דזשאַן וויללעט. איך טרעף זיך מיט אים היינט אָוונט און זאָל אונדז גאָט העלפן! כ'האָב אים געזאָגט, אַז איך שרייב צו דיר און ער שיקט דיר איבער זיין ליבשאַפט. מאָרגן אין דער פרי שיק איך דיר אַרויס די דרייסיק פונט. איך באַדויער פאַר אָפּהאַלטן דאָס ביז איצט, נאָר איך האָב דערוואַרט פון ערגעץ אַ ביסל געלט און עס איז ערשט געקומען.

האָב געשריבן צו דזשאַן העוויט, נאָר ער האָט ניט געענט־פערט. האָב אָבער געהערט פון ד"ר לעווענטאַל. ער האָט מיר געשילדערט דעם לעצטן פען־מיטינג וועלכן מיר ביידע האָבן דורכגעלאָזט. דער איינציקער ליכטיקער מאָמענט איז געווען ביי דער מסיבה ווען פּראָפ' סאַאוראַט האָט דאָס מאָל פאַר־געסן צו איבערזעצן זיין רעדע אין ענגליש און ער האָט בלויז פאַרנומען פינף מינוט. די טערקישע פרוי האָט זיך געהאַלטן זייער שיין אַלס פאָרזיצערין און גערעדט אומענדלעך וועגן דער נשמה פון אַנאַטאָליע...

איך באַדויער וואָס דו וועסט ניט זיין היינט אָוונט מיט מיר אין דזשאַן ווילקעטס הויז, נאָר איך אין יעדן פאַל וועל דיך געדענקען און טרינקען פאַר דיין געזונט.

⁂

אָקטאָבער 4, 1950

איך ווייס ניט ווי אַזוי איך בין אַהיים געקומען. אַזוי פיל איי־רישער שנאַפּס אַז איך בין באמת געווען צופרידן ווען דו האָסט מיך אַרויסגעפירט כאַפּן די לעצטע באַן.

בין זייער צופרידן צו האָבן באַגעגנט דיין פרוי. האָב זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז זי איז אַזאַ פריינטלעכע, און בין צופרידן, וואָס עס איז אַזוי.

זאָגן דיר דעם אמת, האָב איך זיך געפילט זייער אומבאַ־קוועם יענעם אָוונט פשוט דערפאַר ווייל איך האָב ניט געוווּסט ווי זיך צו האַלטן... די מענטשן אַרום זיינען מיר געווען פרעמד כאָטש גוט געניינגט, האָב איך ניט געהאַט וואָס צו טאָן נאָר אויסגיסן אַ גלעזל בראָנפן אויפן קלייד פון דער דאַמע ווע־מען דו האָסט באַגלייט קיין ניי־זעלאַנד. איך באַדויער. ניט פאַר דער דאַמעס קליידל, נאָר פאַרן גוטן גלעזל בראָנפן!

איך האָב געלייענט איינעם פון דיינע ביכער, אַזוי אַז איך ווייס עפּעס וועגן דיר, דו אָבער וועגן מיר ווייסט גאָרניט. כ'וואָלט זייער געוואָלט דו זאָלסט עס יאָ וויסן.

איך האָף ווען איך וועל קענען איינלאַדן דיך און דיין ווייניען צו דער פייערונג פון מיין 50יאָריקן געבוירנטאָג אין פּאַריז, וועט איר קומען אַלס מיינע געסט.

⁂

אָקטאָבער 11, 1950

אַ דאַנק פאַר דיין בריוו. האָב זיך באמת געשראָקן אַז דורך מיין טרינקען צופיל, האָב איך עמעצן אַנגערירט, און דעם לעצטן וועמען איך וואָלט געוואָלט ווייטאָן, דאָס ביסטו. נאָר גאָט זאָל בענטשן באַכוסן, דעם אַנטדעקער פון איירישן בראָנפן, וואָס האָט דיך געמאַכט אַזוי שיכור ווי מיך און איך האָף אַז אויך אַלע איבעריקע.

דו מעגסט זיין זיכער, אַז איך וויל זען דעם שבט פון דאַן און אפשר וועל איך אייך דערציילן וועגן דעם גרעסטן יידישן שריפטשטעלער שלום עליכם, וועלכער האָט געשאַפן איינעם פון די פּאָרנעמסטע כאַראַקטערן אין דער וועלט-ליטעראַטור, טביה דער מילכיקער, אַ סענטימענטאַלער פילאָזאָף, וואָס איז געווען געבענטשט בלויז מיט טעכטער, גאַנצע זיבן, און וואָס פאַראַ פּרעכטיקע טעכטער!! איך מוז דיר דערציילן וועגן דעם. זיכער זיינען פאַראַן איבערזעצונגען אין ענגליש, אָבער שלעכטע; ווייל יידיש איז אַן אידיאָמאַטישע שפּראַך און ווען מען נעמט אַוועק דעם אידיאָם, פאַרלירט זיך אַלץ.

איך וועל אויסניצן די ערשטע געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט דיר, דיין פרוי און דיינע טעכטער, און אויב וועסט האָבן געדולד, וועל איך דיר לייענען עפּעס פון מיינע שאַפונגען. דו געדענקסט דעם פּאַקיסטאַנער דעלעגאַט, וועלכער האָט געבראַכט קיין עדינבורג אַלע זיינע מאַנוסקריפּטן און אַ פאַר-צווייפלטער געזוכט עמעצן, פאַר וועמען צו לייענען זיין פּאָע-זיע. דער אָרעמער האָט ניט געקענט פאַרשטיין, אַז אַ קאָנ-גרעס פון שרייבער זאָל ניט זיין פאַראינטערעסירט וואָס איינער פון זיינע דעלעגאַטן שרייבט . . . איך בין זיך מודה, איך וואָלט געוואָלט לייענען עפּעס פאַר דיר. אין די צען יאָר

וואָס איך בין דאָ אין לאָנדאָן, האָב איך בלויז געלייענט עפּעס פון מיין פּאָעזיע פאַר מאַרגאַרעט וואָטערהאַוז און אַרטור ווײַלי, און ביידע זיי וואָלטן שטאַרק געוואָלט זען דאָס איבער־געזעצט אין ענגליש.

⁂

**לאָנדאָן, נאָוועמבער 6, 1950**

האָב גערעדט מיט אַרטור ווײַלי. האָב אים איבערגעגעבן דיין פּלאַן וועגן אַן אַנטאָלאָגיע פון כינעזישער פּאָעזיע אין כינעזיש, רעדאַקטירט טאַקע פון אים. ער איז געווען צופרידן מיט דעם פּלאַן, ער מיינט טאַקע, אַז עס איז אַ וואונדערבאַרער געדאַנק, און איך האָף, אַז עפּעס וועט דערפון אַרויסקומען. סיי ווי האָף איך אַז דו וועסט זיין צופרידן פון דער באַגע־געניש מיט אים.

האַרציקע גרוסן צו דיר, צו וויני און מיין ליבשאַפט צו די קינדער. איך שליס איין אַ בריוו צו דיין טאָכטער ברידזשעט וועגן דעם וואָס פּאַראַ וואונדער עס האָט געטראָפן, ווען איך האָב געעפנט איר ניסל אין דער באַן. וועגן דעם וואונדער וועסטו אויסגעפינען פון מיין בריוו צו איר. ס׳איז באמת אויסערגעוויינלעך!

⁂

לאָנדאָן, יאַנואַר 11, 1951

האָב געהאָפט צו קריגן אַ שרייבן פון די קינדער, אַז זיי איז געפעלן דאָס בוך וואָס איך האָב זיי געשיקט צום ניי־יאָר. איך האָף, זיי זיינען פאַרנומען מיט וויכטיקערע זאַכן און זיי האָבן ניט קיין צייט פאַר מיר.

איך טראַכט נאָך אַלץ פון דער באַזונדערער געלעגנהייט פון אונדזער באַגעגעניש אין עדינבורג, ווי אַזוי דו ביסט צו־געקומען צו מיר דאָס ערשטע מאָל צווישן די אַלע שטאַרק־באַשעפטיקטע לייט דאָרטן, און מיר געזאָגט, אַז דו רעפּרע־זענטירסט ניי־זעלאַנד, און מיך געפרעגט וועמען רעפּרעזענ־

מיר איך און איך האָב דיר געענטפערט — יידיש. און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די פריינדשאַפט מיט דיר און אַנדערע איירישע און סקאָטישע שרייבער, אַן איינדרוק וועלכן איך האָב מיטגענומען מיט זיך און אַזוי ביז היינטיקן טאָג. דו האָסט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס דו געפינסט זיך ביי אַזאַ פאַרזאַמלונג און דו רעכנסט, אַז עס איז שוין געזונג פאַר דיר. אויך איך האָב זיך געפונען ביי אַזאַ קאָנגרעס צום ערשטן מאָל און האָף עס איז אויך צום לעצטן מאָל . . . איך האָב געפילט, אַז דאָס איז ניט מיין נאַטירלעכע פּלאַטפאָרמע, און דו האָסט געפילט דאָס אייגענע וועגן זיך, דו האָסט זיך אַפילו אַנטזאָגט צוצושפּיליען דעם עמבלעם פון פּ.ע.ן.

וואָס איך וויל דיך בעטן און רעדן צו דיר זייער אָפן, דער ענין איז אַ גאַנץ פשוטער: זיכער ווייסטו ניט וואָס איך שרייב, ווייל איך שרייב אין אַ שפּראַך, וואָס איז דיר אומפאַרשטענדלעך, נאָר איך געדענק נאָך ווי ספּאָנטאַן דיין פריינדשאַפט איז געקומען צו מיר, און געדענק נאָך ווי דיין פרוי האָט מיר דערציילט, אַז ווען דו ביסט צוריק געקומען פון עדינבורג, האָסטו איר דערציילט, אַז די איינציקע פערזענלעכקייט, וואָס האָסט דאָרט באַגעגנט — דאָס איז געווען איך . . .

דו ביסט געווען אַן עדות ווי איך בין געווען צוגעגרייט צו לייענען מיין רעפעראַט וועגן יידישער דראַמע און טעאַטער. מיר זענען געווען די גאַנצע צייט צוזאַמען, און זיכער געדענקסטו אונדזער פריוואַטן געשפּרעך וועגן די זאַכן און דו געדענקסט דעם אויסרוף פון אונדזער פריינד העוויט, ווען איך האָב אים דערקלערט דעם יידיש-טעאַטראַלישן עלעמענט אין שאַגאַלס קונסט — אַז איך האָב אים געגעבן דעם שליסל ווי בעסער צו פאַרשטיין דעם קינסטלער וועמען ער באַוווּנדערט אַזוי פיל. נאָר איך האָב מיין רעפעראַט ניט געלייענט, פשוט ווייל איך האָב פאַרלאָזט דעם זאַל אין פּראָטעסט ווען מען האָט מיך גערופן צום וואָרט ווען דער זאַל איז שוין באַלד געווען ליידיק. אויך דו ביסט אַרויס פון זאַל, מיר האָבן ביידע באַשטעלט אַ טרונק און דו האָסט איינגעשטימט מיט

מיר, אַז צו רעדן צו די ווענט האָב איך ניט געדאַרפט קומען קיין עדינבורג. — — —

דו מעגסט זיין זיכער, אַז אין דער צוקונפט וועל איך קיינעם ניט רעפּרעזענטירן חוץ זיך אַליין!

⁂

לאָנדאָן, פעברואַר 15, 1951

איידער איך פאַרלאָז ענגלאַנד אויף אַ לענגערער צייט אויף אַ לעקציע־טורנע, וואָלט איך זייער געוואָלט דיך זען און האָבן מיט דיר אַ געשפּרעך.

— — — איך האָב דו האָסט מיסטער קאַסטעלאַס אַדרעס. איך בין אים שולדיק אַ לאַנגן, לאַנגן בריוו פאַר זיין שיינער אויפנאַמע וואָס ער האָט פאַר מיר געמאַכט אין זיין היים. איך וועל אויך ניט פאַרגעסן אַז דער שדכן צווישן מיר און אים ביסטו געווען.

⁂

לאָנדאָן, פעברואַר 22, 1951

איך שיק דיר דריי עקזעמפּלאַרן פון טשעכאָווס ווערק, וואָס דו האָסט ניט אין דיין ביבליאָטעק. אויב איך וועל געפינען נאָך, וועל איך דיר דאָס צושיקן. איך האָב זייער הנאה געהאַט פון דער „אַמעריקען אַנטאָלאָגיע" וואָס דו האָסט מיר געגעבן, אָדער לאָמיך בעסער זאָגן — איך האָב דאָס אַוועקגענומען פון דיר. מיין געוויסן איז ניט ריין אין דער הינזיכט, אָבער פּאָעזיע האָט אין זיך אַזאַ רייץ פאַר מיר, בעט איך דיר זיי מיר מוחל.

איך האָב געהאַט אַ שיינע רייזע מיט דזשעק דיאַמאַנט אין זיין אויטאָמאָביל, מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין עטלעכע פּאָבס אויפן וועגן און פאַרענדיקט אין מיין לאָקאַלן פּאָב „דער שוואַרצער לייב". ער האָט מיר צוגעזאָגט אַראַנזשירן פאַר מיר אַ לעקציע וועגן יידישן פאָלקלאָר — ביי דער פּאָ־

ביאַן-געזעלשאַפט. אויך האָט ער צוגעזאָגט אַ טרינק-פּאַרטי אין בלומסבעררי ווען דו וועסט זיין דאָ.

איז ווי דו זעסט, בין איך פול מיט צוזאָגן. בעסער ווי גאָר-ניט . . . איך האָב געשריבן צו מיסטער קאַסטעלאָ אויפן אַדרעס, וואָס דו האָסט מיר געגעבן. איך וועל זיך באַמיען שטעלן אין פאַרבינדונג מיט מיסטער דויטשער וועגן דעם ב.ב.סי. ענין וועגן וועלכן דו האָסט מיט מיר גערעדט.

אין איינעם פון די טעג וועל איך דיר שיקן די איבערזעצונג אין פראַנצויזיש פון מיין „די באַלאַדע פונעם ווייסן ברויט", וואָס איך וויל דיר ווידמען.

⁂

לאָנדאָן, מאַרץ 14, 1951

זיי מיר מוחל פאַר ניט שרייבן ביז איצט. בין שטאַרק פאַרנומען מיט צוגרייטן מיין רייזע. איך פאַרלאָז לאָנדאָן דעם 22טן מאַרץ — קיין מאָנטרעאָל און דערנאָך די פאַראייניקטע שטאַטן. איך האָף צו פאַרדינען אַ ביסל געלט מיט מיינע לעקציעס, איך דאַרף דאָס נויטיק.

איך נעם מיט דיינע נאָוועלן מיט זיך, איך וועל דיר שרייבן און האָף דו וועסט ענטפערן.

איך האָף דו ביסט געזונט און גיב מיינע גרוסן צו וויני און מיין ליבשאַפט צו אייך אַלעמען. איך האָף זיך אומצוקערן אין יוני אָדער יולי מיט פרייליכע קעשענעס . . .

⁂

ניו-יאָרק, פעברואַר 6, 1952

איך פריי זיך מיט דיין בריוו. מאָרגן פאָר איך אַוועק אין אַ סאַנאַטאָריע לעבן פילאַדעלפיע, אַרום 65 מייל פון ניו-יאָרק. איך מוז דאָס טאָן צו ראַטעווען אַ ביסל מיין געזונט. — — —

איך בין זייער צופרידן וואָס דו קומסט אין די שטאַטן. כ'וואָלט געוואָלט, אַז דער יידישער פען-קלוב זאָל אַראַנזשירן

מיט דיר אַ באַגעגעניש, און וואָלט געוואָלט וויסן געניי אַלע דעטאַלן וועגן דיין קומען.

בין צופרידן צו הערן, אַז דו האָסט געענדיקט „קרעט" און אַלע אַנדערע אַרבעטן, וואָס דו האָסט געטאָן. אָבער וואָס איז מכוח דיינע אייגענע ליטעראַרישע שאַפונגען? דיינע קורצע און לענגערע דערציילונגען?

איך בין זייער צופרידן מיט מיין באַזוך אין די שטאַטן. איך האָף, אַז אויך דו וועסט זיין צופרידן פון דיין באַזוך. איין חודש איז ניט גענוג, האָב איך מורא.

⁂

איך האָף דו האָסט געטראָפן דיינע נאָענטע אין בעסטן געזונט. איך בין נאָך אַלץ ניט אַנטשלאָסן וועגן דער אָפּעראַ־ציע. לעפּטוויטש איז שוין צוריק אין ענגלאַנד זייט אַ וואָך.

זינט דו ביסט צוריקגעפאָרן קיין אָקספאָרד האָב איך נאָך ניט פאַרזוכט קיין טראָפּן אַפּילו, גלויב עס מיר, אָבער איך וועל יאָ נעמען אַ טרונק ווען איך וועל דיך זען נאָך אַמאָל.

געהערט, אַז מר. אַרטור ווילי האָט באַקומען זיין אויס־צייכענונג סי.בי.אי. געזען דאָס אויף דער „ליסט אָף אָנאָרס". בין זייער צופרידן פאַר אים וואָס ער האָט עס באַקומען.

⁂

ניו־יאָרק, אָקטאָבער 14, 1952

אַ דאַנק פאַר דיין בריוו, כ'בין געווען אומרואיק ניט הערנ־דיק פון דיר.

איך האַלט איצט אין דרוקן מיינע געזאַמלטע פּאָעזיע. איין ליד איז דיר געווידמעט און איין ליד צו אַרטור ווילי. איך בין שטאָלץ מיט אייער פריינטשאַפט. אוודאי זיינען די לי־דער אין יידיש, נאָר איך מיין זיי זיינען גוט. בלויז די גוטע זיינען ווערט גוטס.

ווי איך בענק צו זען די קינדער נאָך אַמאָל ! איך האָב נאָר מורא, אַז ווען איך וועל צוריק קומען וועט בידי זאָגן: „אַנטשולדיקט, הער, איך בין פריילין ברידזשעט". פאַר מיר מיינט עס זייער אַ סך . . .

קאַרמייקל איז אין אייראָפּע אָדער ערגעץ אַנדערש פאַררייזט. אַזוי האָט מען מיר איבערגעגעבן. איך האָף דו וועסט אים זען און גיב אים איבער ביטע מיינע גרוסן. כ'האָב אים ניט געקענט זען אין ניו־יאָרק, ווייל כ'בין געווען קראַנק. איך וועל דיך זען אין פעברואַר, נאָך דעם ווי מיין בוך וועט אַרויס פון דרוק.

איך האָב אינדיאַנער פעדערן פאַר בידין און איך זאָג ניט אויס וואָס נאָך פאַרא מתנות.

⁂

ניו־יאָרק, דעצעמבער 27, 1952

איך בין נאָך אַלץ פאַרנומען מיטן פּובליקירן מיינע לידער. דאָס בוך וועט זיין פאַרטיק דעם 10טן יאַנואַר. אַן אַמסטערדאַמער פאַרלעגער דרוקט איצט מיין נאָוועלע „דאָס בוך פון גן עדן" אין דאַטש. אפשר פון דעם וועט מעגלעך זיין דאָס איבערזעצן אין ענגליש אויך ?

האָב געשיקט פאַר די מיידלעך אַ פאָטאָגראַפיע פון זיך אַלס „רויטער אינדיאַנער". האָב בלויז איינס דערפון, וועלן זיי זיך מוזן טיילן. ס'איז גענומען געוואָרן אין שטאַט־ניו־יאָרק לעבן דער קאַנאַדישער גרענעץ.

וואָס מאַכסטו, ליבער דאַן? ווי אַזוי גייט עס מיטן שרייבן? האָסטו שוין עפּעס געדרוקט נייע זאַכן ? וואָס מאַכט ווינדי ? איך האָף אייך צו זען פּסח־צייט. איך בענק נאָך אַ פערטל ביטערן געמוי ווי דו, ווען דו ביסט געווען דאָ אין ניו־יאָרק.

ניו־יאָרק, פעברואַר 9, 1957

בין אַזוי צופרידן צו הערן פון דיר און אַז אַלץ איז בסדר ביי אייך. איך ווינטש זיך נאָך אַמאָל קענען באַזוכן אייך אויף סאַוט מאָר ראָאוד 103, קראַנק ווערן פון אַ טרונק און דעם נעקסטן פרימאָרגן זאָל בידי רחמנות האָבן אויף מיר און מיך טרייסטן מיט אַ פאַרכישופטע ניסל. זיכער איז איצט בידי „פריילן ברידזשעט", די נים האָבן מער ניט קיין כישוף, די מיידעלעך וואַקסן און זייער כישוף־פרוכט וועט זיין דער עפּל, אָבער ניט פאַר אונדז, אַלטע לייט.

האָסטו באַקומען מיין בוך? איך ווער איצט אַ סך איבער־זעצט אין העברעאיש, דייטש, פויליש, נאָר מיין חלום איז איבערזעצט ווערן אין ענגליש.

פון אַרטור ווײלי האָב איך שוין ניט געהערט אַ לענגערע צייט. הערסטו, אָדער זעסטו אים אַמאָל? ער איז אַ שיינער מענטש און קען זיין אַ גוטער פריינט.

ביטע, גיב מיין ליבשאַפט צו דער דאַמע פון הויז און אירע דריי טעכטער. איך וועל אַלע מאָל געדענקען איר דערקלערן אויף איר באַשיידענעם אופן דעם נומער פון אייער היים, 103: 1 — דאָס איז דאָן, (דו הייסט עס). 0 — דאָס איז זי און 3 — דאָס זיינען אייערע דריי טעכטער. דו מוזסט ענדערן דעם נומער פון הויז. איך שלאָג פאָר: 163. דאָס וועט זיך אַריינפּאַסן אין מיין קאַבאַליסטישער אויסטייטשונג.

# דיכטונג אין שאָטן פון דער נאַציאָנאַלער

# טראַגעדיע

אין לאָנדאָן 1943 האָט א. מאַנגער אָנגעשריבן אַ ליד, געווידמעט דעם אָנדענק פון שמואל זיגעלבוים, וואָס האָט זיין לעבן אוועקגעגעבן אויף קידוש השם, גלויבנדיק אַז זיין זעלבסטמאָרד־אַקט וועט אויפוועקן דעם געוויסן פון דער וועלט און עס וועט קומען אַן אָנשטרענגונג צו ראַטעווען דאָס פּוילישע יידנטום. מאַנגערס ליד טראָגט דעם נאָמען „מיין שינאה־ליד". דעם דיכטערס יאוש איז גרויס, ער פרעגט זיך:

איז מיר באַשערט צו זיין דער לעצטער זינגער
פון אַן אויסגעפּטער ערד?
טונקען אין קברים־גראָז מיינע פינגער
אַרום דער גרויסער יידישער עקידה?

צום אונטערשייד פון די אַנדערע לידער אויף דער טעמע „חורבן פוילן", איז דאָס זיגעלבוים־ליד דורכגעזאַפּט מיט הייסער פיינטשאַפט, מיט קללות אויפן קאָפּ פון די „בלאַנדע קינ'ס" און זייערע „האַק און מעסער". דאָס זיגעלבוים־ליד פאַרענדיקט זיך מיט אָט די צוויי סטראָפן:

צעטייל מיר, גאָט, אויף טויזנטער קאַשמאַרן,
אַז איך זאָל דאָס לייב און דעם חלום פרעסן
פון די בלאָנדע קינ'ס, די בלאָ־אויגיקע נאַרן,
ביז אין זייערע לעצטע פאַרשאָלטענע מעת־לעתן.

**צעפּלאַטער אַלע קראָען איבער דער בלוטיקער מדינה,**
**איבער גוססדיקע דערפער, שטעט און שלעסער,**
**ווו עס טאַנצט אַ פריילעכס מיט זיך אַליין מיין שינאה**
**און ס'לעקן אָפּ די הינט די דייטשע בלוטן פון איר מעסער.**

אין „מיין שינאה־ליד" פיגורירט ניט די טראַגישע גע־שטאַלט פון שמואל זיגעלבוים. דעם דיכטערס שינאה צום דייטשלאַנד און זיינע נאַצי־זין, פאַרשטעלט די פערזענלעכקייט צו וועלכער דאָס ליד איז געווידמעט. אָבער מאַנגער האָט אונדז געגעבן אַ צווייט ליד, וואָס איז אויך געווידמעט דעם זעלבן שמואל זיגעלבוים, און דאָס ליד טראָגט שוין גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער. דער טיטל פון דעם ליד רעדט אַליין פאַר זיך, עס הייסט „דער סוף פון קלאָר־וויסן ציגעלע". דאָס ציגעלע — דאָס איז דאָס יידישע פאָלק אין פוילן, אין געטאָ. דער דיכטער וויקלט פאַנאַנדער אַן אַלעגאָריש בילד פונעם נאַציאָנאַלן העלד שמואל זיגעלבוים, ווען ער פאַרלאָזט דעם וואַרשעווער געטאָ כדי צו דערגרייכן לאָנדאָן און באַקומען אַ קאָנטאַקט מיט דער יידישער און ניט־יידישער מערב־וועלט און אַפּעלירן צו איר — ראַטעווען דאָס קלאָר־וויסע ציגעלע. מיר וויסן דעם טראַגישן סוף פוןביידן — פונעם ציגעלע און זיין שליח . . .

„די גאָלדענע פּאַווע" וועלכע פּערזאָניפיצירט זיגעלבוימען (פאַרשטייט זיך, ניט אָנרופנדיק אים ביים נאָמען), לאָזט זיך פליען „דורך טויזנט געפאַרן". זי קומט, זי רופט „און בעט זיך רחמים ביים האַר פון דער וועלט", ביי „די מושלים פון דער וועלט", אָבער קיינער פאַרשטייט זי ניט, קיינער רופט זיך ניט אָפּ. מאַנגערס ליד איז רירנד שטיל, איינגעהאַלטן, אין טאָן פון אַ באַלאַדע, מיט קוים באַמערקלעכע גראַמען. דאָס ליד איז ריטמיש, ליריש, פאָלקסטימלעך. די אַלעגאָריע איז טרעפלעך, אָנגעמאָסטן. עס איז אויך „אַ צייט־ליד", געווידמעט איין איינציקן מאָמענט פון דער געשיכטע פונעם קלאָר־וויסן ציגעלע. אָבער וואָס פאַראַ טראַגישער מאָמענט!

פשטותדיק, אין נוסח פון פאָלקס־רייד, קלינגען דאָ די ווער־טער וועגן דעם ציגעלע און דער גאָלדענער פּאַווע. דער דיכ־

טער איז אינגאַנצן צונויפגעגאָסן, באַהאַפטן, איינס מיטן פאָלקס אומקום־טראַגעדיע. עס איז אוממעגלעך צו געבן דעם לייענער דעם פולן זין און ווערט פונעם ליד — דורך אָפּגעריסענע ציטאַטעס. מע מוז עס לייענען אין זיין גאַנצקייט, אַזוי ווי עס איז ביי מאַנגערן. עס איז שלימותדיק פּערפעקט, אַ בראָנזענע פיגור פון אַ גרויסן מייסטער. אָט איז דאָס ליד:

### דער סוף פונעם קלאָר־ווייסן ציגעלע
(דעם אָנדענק פון שמואל זיגעלבוים)

דאָס קלאָר־ווייסע ציגעלע האָט פיבעריקע אויגן,
און איז אויסגעדייוועט, אויסגעדאַרט:
זינט די גאָלדענע פּאַווע איז אַוועקגעפלויגן,
ליגט עס פאַרשפּאַרט אין געטאָ און וואַרט,
אַז די גאָלדענע שוועסטער זאָל ברענגען אַ דאָקטאָר,
און דער דאָקטאָר זאָל ברענגען אַ מעדיצין,
„העלף איר גאָטעניו — בעט זיך דאָס קראַנקע —
אַז זי זאָל כאָטש בשלום אַריבערפליִ׳ן”.

איז די גאָלדענע פּאַווע געפלויגן, געפלויגן,
דורך טויזנט געפאַרן ביז קיין ניו־יאָרק,
דאָס קראַנקע קלאָר־ווייסע ציגעלע אין געטאָ
איז איר איין און איינציקע זאָרג.
אָט איז זי געפלויגן און אָט איז זי געקומען,
און בעט זיך רחמים ביים האַר פון דער וועלט.
נאָר אפשר דערפאַר ווייל זי טענהט אויף ייִדיש
פאַרשטייען נישט די מושלים פון דער וועלט.

דערווייל איז דאָס ציגעלע אויסגעגאַנגען
אין פינצטערן געטאָ, אין אַ קעלער־שטוב,
און דייטשע זעלנער מיט שיכורע געזאַנגען
האָבן עס אַריינגעוואָרפן אין אַ מאַסן־גרוב.
דאָרט ליגט עס מיט טויזנטער ייִדישע קינדער,
און ווייסט נישט מער צי גאָט איז גערעכט,
און הערט נישט אַפילו ווי ס׳שפּאַנען פאַרטרויערט
די אויסגעשטערנטע פּוילישע נעכט.

פֿאַראַנען אַ כּלל אַז וואָס עס איז דערמאָרדעט,
קומט שוין נישט קיין מאָל מער צוריק.
אַנשטאָט אַ מצבה וועט איבערן קבר
זיך וויגן יאַנקעלעס ליידיקע וויג.
און די וויג וועט קומען דער וועלט צו חלום,
נאַכט־איין נאַכט־אויס, יאָר־איין, יאָר־אויס,
ביז זי וועט נישט ריכטן, און וועט נישט פֿאַרניכטן
דאָס דייטשע מערדער־און משוגעים־הויז.

יאַנקעלעס ליידיקע וויג איז אַ וואונדערלעכע נאַציאָנאַלע מצבה. די לעצטע פֿיר שורות זיינען דער אַפּאָטעאָז פֿון דער פֿאָלקס-טראַגעדיע. דעמאָלט ווען די שורות פֿון מאַנגערן זיינען געשריבן געוואָרן, איז קיינער ניש געווען זיכער אַז „די וועלט" וועט יאָ ריכטן, וועט יאָ פֿאַרניכטן „דאָס דייטשע מערדער-און משוגעים-הויז". צום גליק, איז עס אַזוי געשען — אַזוי ווי דער דיכטער האָט עס פֿאָרויסגעזען און פֿאָרויס-געזאָגט.

⁂

אין מאַנגערס סעריע לידער אויף דער טעמע „איבער די חורבות פֿון פּוילן", איז דער טאָן געהאַלטן אין שטילער ממעמ-קים-אָנשטרענגונג. אין געציילטע שורות, אויף פֿאַרשידענע אופֿנים, באַוויינט ער און באַקלאָגט ער דעם גרויסן בראָך פֿון יידישן לעבן, די טראַגישע פּוסטקייט, די עלנטקייט און אויסגעליידיקטקייט פֿון יידישע הייזער.

די גאָלדענע פּאַווע און דאָס קלאָר־ווייסע ציגעלע
וויגן די ליידיקע וויגן:
נישטאָ מער דאָס הייליקע יאַנקעלע,
טאָ וויגט מען אָן אַ ניגון.
דאָס גאָלד פֿון דער פּאַווע איז אומעטיק גאָלד,
און דאָס ציגעלע דאָס פֿרומע
בלענדעט ווי אַ טרויעריקער שניי — די צוויי
יתומים פֿון מיין אומה.

א. מאַנגער פירט אַדורך אַ גאַלעריי רביים און צדיקים פון דער ניט־ווייטער לעגענדאַרער יידישער פאַרגאַנגענהייט, און ער לאָזט זיי אַרויסברענגען זייער צער און צאָרן, זייער פאַר־צווייפלטקייט און מיאש־זיין־זיך צוליב דעם אַלעם, וואָס עס איז געשען דעם יידישן פאָלק.

ר׳ משה לייב פון סאַסאָוו טייטלט אויף די הויפנס אַש,
(דער שטורעם האָט אָקערשט דורכגעוויטערט),
זיין באָרד ציטערט, זיין לייב און לעבן ביטערט:
— נאַ, נעם און זע, אַך גאָטעניו טי נאַש. — — —

ר׳ מאיר׳ל פון פּרעמישליאַן אויף זיין אַלטן שטעקן אָנגעשפּאַרט,
שטייט און וואַרט, פיבערנדיק און צערט:
רבותי, לאָמיר זאָגן אַלע אויף אַ קול:
באַשאַפער פון די וועלטן, דו ביסט מאַכטיק, מוראדיק און גרויס,
נאָר מיר די גאַליציאַנער מעקן דיך אויף אייביק אויס
פון דער עדה אמתע אוהבי ישראל.

ר׳ לוי יצחק — אין טלית און תפילין — „נאָר ער רעדט ניט אַרויס קיין וואָרט״. —
ער זעט אין זיין דמיון די בילדער פון געטאָ,
די גסיסה, דעם צער און דעם שפּאָט.
ער שווייגט פאַרעקשנט. דער אַלטער איז ברוגז
מיט זיין אַלטן גאָט.

די אַלטע שרה בת־טובים „שעפּטשעט שטיל און לאַנג״:

די אַלטע בראָש פון פּאַרצייטנס,
אויף איר סאַמעטן קלייד,
איז דאָס איינציקע שטיקל זילבער
אין אַ וועלט וואָס פאַרגייט.

די אַלע לידער און די וואָס קומען ווייטער אין דעם קאַפּיטל, זיינען אונדז געבליבן ווי די „איינציקע שטיק זילבער״ פון יענער טרויעריקער עפּאָכע אין מאַנגערס לעבן. זיי שיינען ווי

ליכטיקע שטערן אויפֿן יידישן חושכדיקן הימל. זייער שטיל־קייט און איינגעהאַלטנקייט — קלינגט אָפּ שטורעמדיק ווייטיקלעך אין אונדזער חורבן־פּאָעזיע.

אין 1940 האָט מאַנגער אָנגעשריבן די „צייט־באַלאַדע" און זי איז אַריין אין זיין בוך „וואָלקנס איבערן דאַך" (לאָנדאָן, 1942). אין די ניו־יאָרקער צוויי לידער־זאַמלונגען פֿון א. מאַנגער (1952 און 1967), איז דאָס דאָזיקע ליד ניט אַריין. די באַלאַדע מאָלט אַ בילד פֿונעם גלות־פּוילן אין די ערשטע טעג פֿון דער וועלט־מלחמה. אין דער פּערזאָן פֿון דער יידישער מאַמע, וואָס פֿאַרלירט אין וואַנדער־וועג איר זיבן־יאָריקן קינד, איז פֿאַראייביקט דער שווידערלעכער אומגליק פֿון די פּוילישע ייִדן, זייער פּחד פֿאַר די נאַצי־רוצחים, וואָס פֿאַרפֿאָלגן זיי אויף די בלוטיקע וועגן מיט עראָפּלאַנען און טאַנקען. עס איז אַ צייט־באַלאַדע, כלומרשט שטיל, שטום־לשון, מיט פֿאַרביסענעם גאַליקן הומאָר איבער דעם „העלד" פֿון דער באַלאַדע, מאַרשאַל גערינג, וואָס שפּילט זיך מיט זיין טעכטערל און מיט זיינע זילבערנע מעדאַלן.

צוליב דעם, וואָס די צייט־באַלאַדע איז אין די דערמאָנטע מאַנגער־זאַמלונגען ניט אַריין, ברענג איך דאָ גרעסערע ציטאַטן פֿון דעם ליד.

אין מיטן וועג אַ קינד אַ טויטס,
אַ מיידעלע מיט בלאָנדע האָר,
נאָך פֿינף וואָכן אָדער זעקס —
וואָלט עס געוואָרן זיבן יאָר.
דער מאַרשאַל גערינג שפּילט זיך מיט זיין קינד.

די מאַמע שטייט אין מיטן וועג
און ברעכט די בלייכע דאַרע הענט,
זי האָט געזען די שטאָט פֿאַרוויסט,
זי האָט געזען די היים פֿאַרברענט.
דער מאַרשאַל גערינג שפּילט זיך מיט זיין קינד.

אין פורלעך שלעפּן זיך פאַרביי
מיט האַק און פּאַק אויף נײַע וגה,
וואַגלעער זײַנען אַלע די,
וואָס האָבן ערשט אַהיים געהאַט.
דער מאַרשאַל גערינג שפּילט זיך מיט זײַן קינד.

די מאַמע שטייט אין מיטן וועג:
נײַן און נײַן, זי וועט ניט גיין.
ווי לאָזט מען דאָס אין מיטן וועג
דאָס שלאָפנדיקע קינד אַליין?
דער מאַרשאַל גערינג שפּילט זיך מיט זײַן קינד.

זי זעצט זיך לעבן טויטן קינד
פאַרוויקלט אין איר גרויען שאַל.
די האַרבסט לבנה איבערן וואַלד —
אַ גרויסער זילבערנער מעדאַל.
דער מאַרשאַל גערינג שפּילט זיך מיט זײַן קינד.

דער מאַרשאַל זינגט: „מײַן טעכטערל,
דײַן טאַטע איז אַ בלאָנדער בער".
און פאַר זײַן פענצטער טראָט ביי טראָט
מאַרשירט דאָס ברוינע מיליטער.
דער מאַרשאַל גערינג שפּילט זיך מיט זײַן קינד.

די מאַמע זינגט: „מײַן טעכטערל,
מײַן גאָלד, מײַן קרוין און מײַן פאַרמעג
דײַן מאַמע איז אַ ווערבע איצט,
וואָס טרויערט דאָ אין מיטן וועג".
דער מאַרשאַל גערינג שפּילט זיך מיט זײַן קינד.

---

דאָס דאָזיקע ליד האָב איך פאַרטראַכט
אין לאָנדאָן אין אַ האָספּיטאַל,
דאָס ליד פון טויטן קינד אין וועג
און פון דעם פעטן פעלד־מאַרשאַל,
וואָס טייט און שפּילט זיך מיט זײַן קינד.

וואָס קאָן זיין טרויעריקער און טראַגישער ווי אַזאַ באַלאַדע?
נאָר איציק מאַנגער האָט אַזוינס געקענט שאַפן.

מלחמה מיט איר פּלאָג און אומגליק, וואָס די היטלער־גענעראַלן האָבן געברענגט אויף דער מענטשהייט, איז פאַר מאַנגערן אַ גרויסע וווייטיקלעכע פּראָבלעם. יידישע לייַדן מישן זיך אוים מיט די לייַדן פון דער מענטשהייט. מלחמה איז פאַר מאַנגערן אַן אוניווערסאַלע, גלאָבאַלע פּראָבלעם. נאָך מיט יאָרן פריער פאַרן צווייטן וועלט־קריג, אין טאָג ווען היטלער איז געוואָרן קאַנצלער, האָט א. מאַנגער אָנגעשריבן אַ „מלחמה־באַלאַדע״ און אויף אַ מערקווירדיקן אופן האָט ער דאָרט ארויסגעבראַכט די אומגליקן און יסורים, וואָס די מענטשהייט האָט צו דערוואַרטן פונעם דאָזיקן נייעם מושל פון דייטשלאַנד. מאַנגער שילדערט זעעריש:

**שפּין־געוועב און טרויער הילן איין די כאַטעס,**
**ווייט אין די אָקאָפּעס בלוּיִקן די טאַטעס — — —**
**„וויקטאָריאַ״! און דאָס ליד**
**נעמט די פרייד פון אַלע דערפער מיט — — —**

**אַ יעדער וועג — אַ קרייץ. אויף יעדן קרייץ אַ פויער.**
**שטאָט און דאָרף צעשאָסן, שפּינגעוועב און טרויער.**
**רויטע שריפות. בלאָע גאַזן. שרעק־סיגנאַלן.**
**אויף ווייכע גייסטער־פערד רייטן גענעראַלן.**
**אַלטע גענעראַלן געבויגענע אין דרייען**
**איבערן טויטן גוף פון ריזיקע אַרמייען.**

דעם גיהנומדיקן סוף פון פּוילישן יידנטום האָט דעמאָלט דעם דיכטערס וויזיע זיך גאָרניט געקענט פאָרשטעלן. אַזוינס האָט קיין שום פאַנטאַזיע ניט געקענט אויסטראָגן, — און שפּעטער האָט דער דיכטער זיך געפּייניקט:

**פאַר זיין גלויבן אין די שטערן**
**קומט ער איצטער אָפּ זיין שטראָף**

און צו דעם אייביקן ייִדישן וואַנדערער, אַהאַסווער, זאָגט ער אין אַ ליד מיטן זעלבן נאָמען:

אַהאַסווער, דער וועג איז דיין קרייץ
און די שוואַרצע נאַכט — דיין שוים.
איבער דיר צינדן זיך שטערן אָן
און לעשן זיך ווידער אויס,
נאָר אייביק בלייבט דיין צער.

מלחמה-קרבנות, וואַרשעווער געטאָ, אוישוויץ — אַ דאָרנ-דיקע קרוין איבערן קאָפּ פון ייִדישן פאָלק. „אייביק בלייבט זיין צער". דער דיכטער ווייס ניט קיין רו, די אַסאָציאַציעס מאַטערן אים. אַפילו דעם תליון פון אוקראַאינישן ייִדנטום אין די יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה, קען דער דיכטער ניט פאַרגעסן. די קללה וואָס ער שיקט אויף אים אין זיין „באַלאַדע פון פעטליורע" — דאָס איז די קללה אויך פאַר די גערינגס און היטלערס:

זאָל ער גיין, ווו סע גייט דער ווינט,
ווו די נאַכט ווערט מגולגל אין קרעציקע הינט —
אַזוי זאָל ער מגולגל ווערן:
אין יעדער נאַכט, אין דער שעה פון בלוט,
אין דער שעה פון אונדזער דערשלאָגן געמיט,
זאָלן אים ברענען אונדזערע טרערן.

קיין מאָל, קיין מאָל פאַרגעסט ניט דער דיכטער די ייִדישע טראַגעדיע, דעם ייִדישן גורל און די ייִדישע עקידה, און ער בעט גאָט:

פאַרהיט אונדז, ליכטיקער, — די רוצחים שאַרפן
די העק. זיי מורמלען, באַשווערן די עקידה
מיט שיכורע לעפצן, ווען ס'שטינקט דער מאָרד
מיט בראָנפן און מיט שינאה.

אינעם געדיכט „אונטער די חורבות" באַשרייבט דער דיכ-טער זיין דערשלאָגן געמיט:

ח. ש. קאַזדאַן

דער וויטיק זיצט ביים שרייבטיש
און שרייבט אַ לאַנגן בריוו,
די טרער אין זיינע אויגן
איז אמתדיק און טיף.

איבער די חורבות פון פוילן
פלאַטערט אַ פויגל אום,
אַ גרויסער שיבעה־פויגל.
ער ציטערט מיט די פליגל אום.

דער גרויסער שיבעה־פויגל
(מיין דערשלאָגן געמיט),
ער טראָגט אויף זיינע פליגל
דאָס דאַזיקע טרויער־ליד.

און אַ צווייט מאָל, אין אַ ליד „צו מיין ברודער נאָטע", באַוויינט ער אַזוי זיין טרויער:

אויף די ווערבעס פון מיין היים־
היימלאַנד זיצן טריבע סאָוועס,
זיי היטן די קברים פון מיינע אָבות,
מיין יידישן טרויער איבערן פלאַוויש שניי . . .

אין אַ ליד מיטן נאָמען „אַנזאָג", געשריבן אין לאָנדאָן 1942, לייענען מיר:

. . . וווּהין, מיין פאָלקס־ליד?
. . . דורך נויט און טויט און טרויער —
צום אייביק יידישן דויער! . . .
— איז וועמען נעמט מען מיט?
— אונדזערע געווינער און פאַרלירער,
אונדזערע טרוימער און מאַרטירער,
אונדזער נביא און אונדזער שמיד.
— — — — — — — — — — — — — — —
און דורך טרערן נישט־ווערן צום ווערן

**דורך געטאָ־ווענט — צו די שטערן...**
**יאָ!!!**

"Per aspera ad astrai"

**נאָר איך וויל דאָס טריפענע רוימישע לשון ניט הערן,**

אַזוי זעען מיר, ליד־איין ליד־אויס, גייען ביי מאַנגערן צו־זאַמען: יידישע טראַגעדיע — מיט יידישן בטחון, יידישער „נויט און טויט און טרויער" — מיט „יידישן דויער", געטאָ־ווענט — מיט שטרעבן און גרייפן צו די שטערן, יאוש און פאַרצווייפלונג — מיט האָפענונג און גרווילן. זיין אייגענע פערזאָן און זיין בלוטיקע איבערלעבונג — גיסט זיך צונויף מיט דעם אימאַזש פון פאָלק און מיטן פאָלקס געשיכטע. די דאָזיקע בילדער פאַרכאַפן דעם גאַנצן וועזן און שאַפן פונעם דיכטער, שוין אין אלזשיר, 1940, האָט ער געשריבן דאָס ליד „אונטער די חורבות". און אָט דאָס בילד גייט אים נאָך אין אַלע יאָרן פון אומקום פון פוילישן יידנטום. מאַנגערן איז פרעמד די פאָזע פון אַ נביא און מוסר־זאָגער, ער ווייסט נאָר אַז ס'האָט „זיין אויג דעם שיין־סם פון דער וועלט אין זיך" איינגעזויגן. אָבער ער באַהערשט זיך, ער רייסט זיך ווייטער ארויף־ארויף צו זיינע אַלטע גוטע פריינד — **צו די שטערן...**

אויך וועגן זיינע פערזענלעכע משפחה־אבדות רעדט מאַנ־גער אין אַ סך געדיכטן פון יענער צייט. דער גרעסטער קלאַפּ פאַר אים איז געוועזן דער אומקום פון זיין ברודער נאָטע. די סאָוויעטישע מאַכט, וואָס האָט אָקופּירט טשערנאָוויץ, האָט אים צוזאַמען מיט נאָך יידישע אינטעליגענץ פאַרשלעפּט אין ווייטן אוזבעקיסטאַן. נאָטען האָט מאַנגער געווידמעט אַ גאַנ־צן בוך לידער א"נ „דער שניידער געזעלן נאָטע מאַנגער זינגט" (לאָנדאָן, 1948, 136 ז').

אין אַ ליד מיטן נאָמען „נאָטעס שלאָף־ליד" הערן מיר דעם דיכטערס עצבות און צעווייטיקדיקייט:

**איך זינג מיר אַליין דאָס שלאָף־ליד:**
**שלאָף, שלאָף, דו איינזאַמער מאַן,**
**דיין גורל האָט דיך באַגראָבן**
**אין ווייטן אוזבעקיסטאַן — — —**

און אפשר וועט נאָך דיין ברודער
פאַרוואָגלען אַהער זיינע טריט,
און אַוועקלייגן אויף דיין קבר
דיין חלום — אַן אייביק ליד.

מאַנגער קען אויך ניט פארגעסן אין די יאָרן זיין מוטער. א ליד מיטן נאָמען „זעקסטער נאָוועמבער", 1940 — ווידמעט מאַנגער זיין מאַמעס צענטן יאָרצייט:

איך וואַנדער פון פרעמד צו פרעמד,
פון טרויער צו טרויער, —
שעפּטשעט דער האַרבסטיקער ווינט
שטיל מיר אין אויער:

„דיין מאַמעס קבר לייכט
צווישן אַלע קברים,
וואָס מער, וואָס מער זי ווערט בלום,
אַלץ מער ווערסטו וואָרעם . . .

מיט וואָס האָסטו אָפּגעצאָלט,
פאַר איר שלאָף־ליד דעם צאַרטן,
מיט טרויער און טרער פון אַ טאָג,
מיט אַ שטיין מיט אַ האַרטן".

דעם אָנדענק פון זיין מאַמען האָט ער אויך געווידמעט זיין גרויסע „באַלאַדע פון די בלאָע קריגלעך". אין אַן אַנדער ליד, אונטערן נאָמען „ליבשאַפט", געווידמעט זיין מאַמען, שרייבט מאַנגער:

. . . מיין מאַמע איז שוין זינט יאָרן טויט,
נאָר איר ליבשאַפט גייט אַרום אין רוים
מיט אָפענע אָרעמס פאַרן ווינט — — —
די ליבשאַפט לאָזט זי נישט אין קבר רוען.
אָט עפנט זי די תחינה פאַר די שטערן
און זאָגט און זאָגט, אַז גאָט זאָל זי דערהערן.
אין מיין חלום לייכטן אירע טרערן.

ווי דער לייענער געדענקט, איז זיין בריוו צו ה. לייוויק (לאָנדאָן, יוני 1941) פאַרענדיקט מיט אַ ליד, וואָס איז שפּע־טער אַריין אין זיינע לידער־זאַמלונגען אונטערן נאָמען „עפּי־טאַף". די ערשטע פיר שורות האָט מאַנגער שוין לאַנג געהאַט פאַרטראַכט ווי אַן אויפשריפט אויף דער מצבה פון זיין פאָ־טער. איצט צייכנט ער דעם עפּיטאַף צו זיין אייגענער מצבה:

דאָ ליגט די טרויעריקע מידע נאַכטיגאַל
צום ערשטן מאָל אין אַן אייגן בעט.
דער שניידער־געזעלן בראָדיאַגע און פּאָעט,
דער אויף תמיד פאַרשטומטער לידער־קוואַל. — —

וואַרפט נישט קיין בלומען אויף דעם בערגל ערד,
פאַרריכט ניט וואָס דער שטורעם־ווינט צעשטערט,
פאַרטרייבט ניט די מאָווע פון מצבה־שטיין.

אינעם דערמאָנטן בריוו צו ה. לייוויקן רייסט זיך אַרויס פון דיכטערס צעוויטיקט האַרץ — דער אויסגעשריי:
איך קען ניט מער — דאָס האַרץ טוט מיר שרעקלעך וויי.
ווּ איז מיין טאַטע — דער אַלטער אָפּגעאַרבעטער שניידער?
ווּ איז מיין ברודער, דער הערלעכער שניידער־געזעלן? ווּ איז מיין שוועסטער, די שיינע שיינדל און איר מאַן דער וועבער וואָלקע?
ווּ איז רחל אויערבאַך? די צאַרטע און צנועהדיקע?

⁂

אין 1968, אין נומער 64 „גאָלדענע קייט", זיינען אָפּגע־דרוקט „צוויי איבערדיכטונגען" פון איציק מאַנגערן. איינע איז אַן איבערזעצונג פון אַלעקסאַנדער פּושקינס אַ ליד „דער שטורעם", — דאָס איז איינע פון מאַנגערס יינגסטע פּרווון, בוקאַרעשט 1922. די צווייטע איבערדיכטונג איז פון פראַנ־צויזישן פּאָעט פראַנסואַ ווילאָן (ווייאָן) — זיין באַרימטע „באַלאַדע וועגן די פרויען פון די פאַרגאַנגענע צייטן". ווילאָן האָט געלעבט אין 15טן יאָרהונדערט, געפירט אַ באַהעמיש־אַוואַנטוריסטיש לעבן, און האָט געשריבן עלעגאַנטע, דעלי־

קאַטע פּאָעמעס, באַלאַדעס. די געשטאַלט פון פראַנסואַ ווי־לאָן האָט אויך אין די פריערדיקע יאָרן געררייצט און גע־צויגן צו זיך א. מאַנגערן. אַזוי למשל, אין נומער 2 פון זיין זשורנאַל „געציילטע ווערטער״ (23סטער מאַי 1930) רעדט מאַנגער וועגן דעם מצב פון דער יידישער ליטעראַטור אין פוילן; ער קלאָגט זיך, אַז „די ליטעראַטור איז אין ערגעץ ניט אַזאַ פּריוואַטער ענין, ווי אין יידישן ליטעראַרישן וואַרשע. אין ערגעץ האָב איך ביז צום היינטיקן טאָג נישט געזען אַזאַ צעטומלטע קאָניונקטור, ווי דאָרט. די לעגיטימע קינדער פון דער גרויסער אינספּיראַציע פלאָנטערן זיך דאָרט ווי ממזרים, גערודפטע, נישט פאַרשטאַנענע און פאַרביטערטע״. און מיט אַ מאָל, אומדערוואַרטעט פאַרענדיקט מאַנגער זיינע טענות מיט אַ פלוצלומדיקער דיוועסיע: „גרויסער שאָטן פון פראַנסואַ ווילאָן! ווילדער אַטילאַ פון דער פּאָעזיע! רייס דיך אריין מיט דיין אויסגעוויילטער באַנדע אין אונדזער ניכטערנעם אַטראָפירטן ליטעראַטור-מלכות! די לירע אין דער האַנט און דאָס מעסער צווישן די ציין, פאַרטרייב די פלעדער-מייז, וואָס טומלען און זשומען! באַוויז, אַז דער גאָט פון שטורעם איז אַלץ שטאַרקער ווי די נעצן פון דעם ווינט״.

די באַלאַדע פון פראַנסואַ ווילאָן, וועגן וועלכער מיר רעדן דאָ און וואָס מאַנגער האָט איבערגעזעצט, האָט אַ סך מעלות און רירנדע שיינקייטן. זי באַשטייט פון עטלעכע סטראָפעס. ווילאָן האַלט אין איין פרעגן ווו זיינען אַהינגעקומען די פרויען-שיינהייטן און באַרימטהייטן, וועלכע ער רופט אָן ביים נאָמען, און יעדע סטראָפע ענדיקט זיך מיט זעלבן רעפריין:

**פרעגט מיך בחרם, — הלמאַי ווו איז**
**דער זילבערנער שניי פון פאַראַיאָרן!**

די לעצטע פיר פערזן פון דער באַלאַדע ענדיקן זיך אַזוי:
**פרעג היינט, פרעג מאָרגן און פרעג טויזנט מאָל,**

**וואָס איז פון שאָנקייטן געוואָרן,**
**דער ענטפער איז: הלמאַי ווו איז**
**דער זילבערנער שניי פון פאַראַיאָרן?**

די דאָזיקע איבערדיכטונג האָט מאַנגער געשאַפֿן אין לאָנדאָן, אין 1947, און צו דער באַלאַדע האָט ער צוגעשריבן זיין אייגענעם „פּאָסט סקריפּטום", ער פירט אַוועק דעם לייע־נער פון ווילאָנס אַטמאָספערע און טראָגט אים אַריבער צו דער שטימונג פון יידישן חורבן־פּוילן. געשריבן כלומרשט אין סטיל און נוסח פון ווילאָנס באַלאַדע, מיט אַ צומיש פון ראָ־מאַנטישער איראָניע, דעקן אויף די קורצע צוועלף שורות פון מאַנגערס פּאָסט־סקריפּטום די גאַנצע טראַגיק פון יידישן גורל און דורותדיקן פאַטאַליזם, און די טראַגעדיע פון דער אַקאַרשט איבערגעלעבטער נאַצישער שחיטה. אין די צוועלף שורות האָבן מיר דעם גאַנצן איציק מאַנגער, אַלע אייגנשאַפטן פון זיין טאַלאַנט און פון זיין אייגענער דאַמאַלסטיקער שטי־מונג. דאָס זיינען שורות פון אַ טיף־ערנסטן און לאַנגדויערנ־דיקן איינדרוק. און אַזוי לייענט זיך מאַנגערס „פּאָסט סקריפּטום":

ווו זיינען די יידן וואָס האָבן געגלייבט אין גאָט
און אָפּגעהיט געטריי די דורות־אַלטע ספרים?
די מאַמעס וואָס האָבן געצונדן שבת־ליכט
און געוויינט איבער תחינות און אויף קברים?
די ברידער און שוועסטער פון אַרבעט און נויט
וואָס האָבן די הייליקע שבועה געשוואָרן
צו באַפרייען די מענטשהייט, — הלמאי ווו איז
דער זילבערנער שניי פון פאַראַיאָרן?
פרעג היינט, פרעג מאָרגן און פרעג טויזנט מאָל,
כאָטש ס'האַרץ ווערט צעזעצט פאַר ווייטיק און פאַר צאָרן,

דער ענטפער איז — הלמאי ווו איז
דער זילבערנער שניי פון פאַראַיאָרן . . .

אין שאָטן פון דער נאַציאָנאַלער טראַגעדיע פון פוילישן יידנטום — האָט מאַנגער געשאַפן זיין איבהדיקן מדרש איציק . . .

*

זומער 1958 איז אין זשורנאַל „היימיש" און אין דבר (געקירצט) געווען אָפּגעדרוקט אַן אינטערוויו פון שמעון גן מיט איציק מאַנגערן. דער אינטערוויוער האָט זיך און מאַנגערן געשטעלט די פראַגע: „פיל יידישע שרייבער שרייבן נאָך ליבע־לידער, פרילינגס־לידער, וועלט־שמערץ לידער, פּונקט אַזוי ווי זיי האָבן געשריבן פאַר דער גרויסער יידישער קאַטאַסטראָפע . . . צי קען היינט אַ יידישער שרייבער ווייטער שרייבן אַזוי ווי ער האָט געשריבן פריער, איידער עס זענען נאָך געווען פאַרניכטונגס־לאַגערן און גאַז־קאַמערן" ?

א. מאַנגער האָט אויף דער פראַגע געגעבן אַ לענגערן ערנסטן און אינטערעסאַנטן ענטפער. איך גיב דאָ איבער מאַנגערס ענטפער, שטאַרק געקירצט:

„איך מיין אַז יאָ, אויב מען קען שרייבן בכלל, און אויב די דאָזיקע קאַטאַסטראָפע האָט נישט דערדריקט אין גאַנצן. אויף מיר למשל, האָט דאָס געווירקט, אַז איך האָב יאָרן נישט געשריבן. ווייל שרייבן וועגן דער קאַטאַסטראָפע, וואָס ב'האָב זי אַליין נישט איבערגעלעבט צוזאַמען מיט די אומגעקומענע, וואָלט געווען אַ שטיקל ציניזם. ענטפערן אויף בלוט מיט טינט — איז דער ערגסטער פּאַראַדאָקס. — — — בכלל, קיין וויכטיקע קינסטלערישע ווערק קען מען נישט שאַפן אַזוי נאָענט פון דער געשעעניש, זיי פאָדערן דיסטאַנץ. איצט איז נאָך די צייט פון כראָניקעס, מעמוארן־ביכער, וואָס עס פאַרצייכענען די וועלכע האָבן עס איבערגעלעבט. דער עפּאָס פון חורבן וועט אַמאָל קומען, סיי אין דער יידישער סיי אין דער העברעאישער ליטעראַטור. איצטער האָבן מיר נאָך צופיל פּיינט די ליטווינער, די דייטשן, די פּאָליאַקן און די אַנדערע וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין מאַסן־מאָרד, אַז מיר זאָלן קענען זיין קינסטלעריש אָביעקטיוו".

— פריינד מאַנגער, האָב איך געזאָגט, מע וועט אייך נישט פאַרשטיין, וואָס הייסט „מיר האָבן נאָך צופיל פּיינט" ?

מאַנגער: „דער קינסטלער מוז טראַכטן אין מענטשלעכע קאַטעגאָריעס, ער מוז נישט נאָר פאַרשטיין דעם קרבן און אַרויסווייזן מיטגעפיל דעם קרבן, נאָר אויך פאַרשטיין אין

מענטשלעכע קאַטעגאָריעס דעם מערדער, זיינע מאָטיוון, זיין פּאַטאָלאָגיע, זיין נערוון־סיסטעם. ווען טאָלסטאָי למשל האָט געשריבן „קריג און פרידן", וואָס דאָס איז אַ מייסטער־ווערק, האָט ער נאָך נישט געהאַט גענוג היסטאָרישע דיסטאַנץ צו פאַרגעסן די שינאה צו נאַפּאָלעאָן. קומט טאַקע ביי אים אַרויס נאַפּאָלעאָן די שוואַכסטע געשטאַלט אין גאַנצן בוך. איז דערפאַר די גאַנצע ליטעראַטור, די קינסטלערישע ליטעראַטור וועגן חורבן — אַ פּריצייטיקע. אָבער דער יידיש־קינסטלערי־שער חשבון וועט קומען, ווייל וואָס איז די מלחמה פון די גריכן מיט די טראָיאַנער אַנטקעגן דעם אויפשטאַנד פון וואַר־שעווער געטאָ ?! . . . דערפאַר זאָג איך, אַז ס'איז נאָך צו פרי זיך צו פאַרמעסטן צו שאַפן קינסטלערישע ווערק אויף דער דאָזיקער טראַגישער טעמע. *) דערווייל זיינען מיר גע־בליבן בלויז, ווי מען זאָגט, ביי די מעמוארן און דעם לירישן קרעכץ. און ס'איז נישטאָ קיין יידישער פּאָעט, וואָס האָט נישט רעאַגירט אויף אַזאַ אופן. פאַר דער דראַמאַטישער און עפּישער פאָרעם איז נאָך צו פרי. ס'איז איצט די צייט פון קינות. און דער ווערט פון די קינות איז אָפּהענגיק דערפון ווער ס'איז זייער ירמיהו. למשל, יצחק קאַצענעלסאָנס „ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק" איז אַזאַ מין גרויסע קינה.

---

*) דעם זעלבן געדאַנק האָט א. מאַנגער אַרויסגעבראַכט אין זיין ענגלישן אַרטיקל, וואָס איז געדרוקט אין ראש־השנה־נומער פון די סאַוט אפריקען דזשואיש טיימס, סעפּטעמבער 1949. דער אַרטיקל הייסט: „די פּאָעזיע פון אונדזערע הייליקע טעג" — אייניקע ראש־השנה־געדאַנקען, מאַנגער פאַרענדיקט דעם אַרטיקל מיט אַזאַ אַקאָרד: „מיר זיינען נאָך אַלץ צו נאָענט צום חורבן פון אונדזער יידיש־אייראָפּעאישן סטיל, אַז מיר זאָלן זיין אימשטאַנד זיך אָפּ־צוגעבן אַ קלאָרע רעכענונג פון דער שוידערלעכער קאַטאַסטראָפע. אָבער טיף אין די הערצער פון יעדערן פון אונדז, וואָס האָט זיך על פּי נס געראַטעוועט אָדער אַנטרונען איבער אַלע ווינקלען פון דער ערד, וויברירן נאָך די ווידער־קלאַנגען פונעם דאָזיקן יידישן לעבן־סטיל. לאָמיר עס איבערגעבן אונדזערע קינדער, לאָמיר זיי געבן די לעקציע המשך. וואָרעם באמת דער דאָזיקער באַליבטער סטיל איז געווען אויטענטיש יידיש. און אויב דאָס וואָרט „קלאַסיש" האָט נאָך עפּעס אַ זינען און מיינט עפּעס, איז עס געווען אין אונדזערע טעג דער קלאַסיש־יידיש".

ליטעראַריש איז עס אפשר ניט קיין גרויס ווערק, אָבער דאָס געוויין, דער צער און דער טרויער פון דער דאַזיקער פּאָעמע איז אין לשער . . .

די גרעסטע שטראָף פאַר די דייטשן, וואָס מיר קענען זיי באַשטראָפן — איז אויסטאָן פון זיי די קרוין פון אַ קולטור־פאָלק, אויב זיי אַליין האָבן דאָס נאָך ניט געטאָן. אין מיינעם אַ בריוו צו יוסף וווּלף . . . האָב איך אָנגערופן די דייטשן — **די אוקראַינער פון מיטל־אייראָפּע.** ווייל ווער קען נאָך זיין ערגער פון די אוקראַינער" ?

איציק מאַנגער דערשיינט פאַר אונדז אין דעם דאָזיקן אינ־טערוויו ווי אַ זיך באַוווסטזיניקער, קריטיש־אַנאַליזירנדיקער מענטש און דיכטער. זיינע פאַר ווערטער „איצטער האָבן מיר נאָך צופיל פיינט די ליטווינער, די דייטשן, די פּאָליאַקן" — האָבן בשעתו אַרויסגערופן אַ שטורעם אין געוויסע קרייזן, און מיר וועלן אין אַ שפּעטערדיקן קאַפּיטל זיך נאָך אומקערן צו דעם פּונקט. דאָ ווילן מיר באַטראַכטן מאַנגערס ווערטער אין דער מדרגה פון פּאָעזיע, פון ליטעראַטור און פון דער פּסי־כאָלאָגיע פון קינסטלערישער שאַפונג. זיינע אַרויסגעזאָגטע מיינונגען זיינען אין הסכם מיט די אַלגעמיין־אָנגענומענע פּרינ־ציפּן פון דער טעאָריע פון קונסט. די ווערק פון די גרויסע יידישע שריפטשטעלער באַשטעטיקן די רעאַלקייט פון די דאָזיקע פּרינציפּן. אַזוי למשל: נאָכן ערשטן וועלטקריג האָט שלום אַש זיך ניט אונטערגענומען שרייבן אַ ראָמאַן, וואָס זאָל שילדערן די דאַמאָלסטיקע ליידן פון יידן אין פּוילן און אין אוקראַינע. כדי אויסצולאָדן זיינע איבערלעבונגען, געפילן, נאָכטראַכטעניש האָט ער געשאַפן דאָס בוך **קידוש השם,** געווידמעט די גזרות ת"ח און די כמיעלניצקי שחיטות. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ש. אַש אָנגעשריבן באַזונ־דערע דערציילונגען און סקיצן, וואָס זיינען אַריין אין זיין בוך „דער ברענענדיקער דאָרן", — אָבער קיין גאַנץ ווערק פון גרויסן קינסטלערישן פאַרנעם איז ער ניט געווען ביכולת אָנ־צושרייבן, צוליב די זעלבע פּסיכאָלאָגישע און קינסטלערישע סיבות, וואָס מאַנגער באַהאַנדלט אין זיין אינטערוויו. אויך י. אָפּאַטאָשו האָט זיך ניט פאַרנומען צו געבן דאָס בילד פון

יידישן לעבן און פון דער איבערגעלעבטער קאַטאַסטראָפע אין די יאָרן 1914-1920, — ער האָט זיך איזאָלירט אין די „פּויליש־שע וועלדער", אין דעם פאַרמלחמהדיקן אַמאָל. חיים גראַדע האָט נאָך דער לעצטער מלחמה געגעבן דער יידישער ליטע־ראַטור — „דער מאַמעס שבתים", **צמח אַטלאַס,** אָבער ניט דעם קאַטאַקליזם פון ליטווישן יידנטום. אין דער פּאָעזיע ווידער, האָבן זיך יידישע דיכטער אַרויסגעהאָלפן מיט דעם, וואָס זיי האָבן איבערגעדיכטעט איינצעלנע סצענעס, פּאַסירונגען, העל־דישע פּערזאָנען. אַנדערע האָבן זיך געראַטעוועט מיט גע־גראַמטער מליצה און דרש, אָדער מיט רעפּאָרטאַזשן.

מאַנגער איז אין זיינע רייד וועגן זיך זייער אָפנהאַרציק, אויפריכטיק. עס איז ניט אמת, אַז ער „האָט יאָרן ניט גע־שריבן". מיין איבערזיכט איבער מאַנגערס שאַפן אין לאָנ־דאָנער פּעריאָד ווייזט, אַז ער האָט גראָד אַ סך פּראָדוצירט. אָבער צו דער טעמע **חורבן** איז ער צוגעגאַנגען זייער פּאָר־זיכטיק, ממש אויף די שפּיץ פינגער, געווען קינסטלעריש־אָפּ־געהיט אין הסכם מיט זיין באַנעמען די אויפגאַבן פון דער פּאָעזיע. ער איז געווען וואָרט־שפּאָרעוודיק און דערפאַר הויך קוואַליטאַטיוו.

מאַנגער איז קיין מאָל ניט געווען שרייבער פון סתם שאַבלאָנע ליבע־לידער, פרילינגס־לידער, וועלט־שמערץ־לידער. אין זיין כלומרשט לייכטן שרייבן איז ער שטענדיק געווען אידעיִש, „פילאָזאָפיש", אוניווערסאַל, טיף־ייִדיש. די פּראָבלע־מען פון חורבן און יידישן קיום האָבן מאַנגערן במשך פון לאָנדאָנער פּעריאָד שווער געמאַטערט. פּנים־אל־פּנים מיט דער יידישער קאַטאַסטראָפע — האָט אים דער מצב פון יידישן פאָלק איבער דער פרייער וועלט אויסגעזען — אָן אַ ציל און אָן אַ זינען, אָן אויטאָריטעטער פירערשאַפט. ער האָט געזען: ייִדיש לשון, ייִדיש־וועלטלעכע שאַפונג — ווערן געשטיקט, עס פעלט זיי לופט. אויך פּערזענלעך האָט ער פאַרלוירן דעם שעפערישן מוט און אימפּעט. ער האָט געפילט — „ס'איז איצט די צייט פון קינות", אָבער ער איז גיכער געוואָרן דער מקונן פון זיין אייגענער דאָליע, ניט קיין באַוויינער פון ייִדישן פאָלק און לשון.

מאַנגער האָט געהאַט אַ געזעלשאַפטלעכן און נאַציאָנאַלן חוש. אין אַ צווייטן שמועס, וואָס מיט מאַנגערן האָט געהאַט רבקה כצנלסון, האָט ער אַזוי אויסגעטייטשט זיין שייכות מיטן און צום יידישן פאָלקס־מענטשן, האַרעפּאַשניק: „מיליאָנען שניידער־געזעלן, וועלכע האָבן געשמאַכט נאָך ליבע, האָבן במשך דורות געזונגען אַנאָנים זייערע לידער; נייטערינס האָבן פאַרשמאַכט געבענקט נאָך אַ פּיצל גליק; פרומע יידן האָבן געחלומט די תנ״ך־דערציילונגען; אונדזערע פרום־כשרע מאַמעס זייגען געווען באַהאַפטן מיט דער צאינה וראינה; זיי אַלע, זיי אַלע, זייערע ווייטיקן, חלומות און בענקשאַפטן, וועלכע האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין זייערע לידער — האָב איך עס אויסגעזונגען מיט מיין מעלאַדיע פון אַ יחיד. אויך מיין ליד איז זייערס אַ סך הכל, שליסט אָפּ אַ תקופה, וואָס פאַרשווינדט שוין אויף אייביק". דעריבער האָט מאַנגער אַזוי ווייטיקלעך איבערגעלעבט די יידישע טראַגעדיע. ער האָט זיך געפילט ווי זייער שליח און אָנפאַרטרויטער. ער האָט זייערע „ווייטיקן, חלומות און בענקשאַפטן" אויסגעזונגען מיט דער מעלאַדיע פון אַ יחיד, — אַ יחיד וואָס אידענטיפיצירט זיך מיטן גאַנצן כלל. צום גליק פון דער יידישער ליטעראַטור איז זיין מעלאַדיע נישט פאַרשטומט געוואָרן.

# מאַנגערס באַזוך אין וואַרשע ביי דער אויפדעקונג

# פון געטאָ-מאָנומענט

אַ גרויסע געשעעניש אין מאַנגערס דאַמאָלסדיקן לעבן אין לאָנדאָן — איז געווען זיין נסיעה קיין וואַרשע אין אַפּריל 1948 צו פאַרטרעטן דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּען-קלוב ביים אויפדעקן דעם געטאָ-מאָנומענט. ביי אַ זיצונג פון אינטער־נאַציאָנאַלן פּען-עקזעקוטיוו האָט י. לעפּטווויטש אויפגעהויבן די פראַגע, אַז פּ.ע.ן. דאַרף זיין אָפיציעל באַטייליקט אין דער פייערונג ביים וואַרשעווער געטאָ-מאָנומענט, און ער האָט פאָרגעלייגט, אַז איציק מאַנגער זאָל זיין דאָרט דער אָפיציע־לער פאַרטרעטער פון פּ.ע.ן. דער דאָזיקער פאָרשלאָג איז אָנ־גענומען געוואָרן, און אין דעם בריוו פון פּ.ע.ן. סעקרעטאַר אולד וועגן דאָזיקן באַשלוס ווערט געזאָגט: „מאַנגער זאָל דאָרט אויסדריקן דעם צער און דעם מיטגעפיל פון די שרייבערס פון דער וועלט צוליב דער שרעקלעכער טראַגעדיע פון געטאָ, ווו אַזוי פיל יידישע שרייבערס זיינען אויסגעשאָכטן געוואָרן".

צו דער פייערונג איז געפאָרן פון לאָנדאָן אַ גרעסערע דעֿ־לעגאַציע, צווישן זיי דער אויבן-דערמאָנטער בן ציון מרג־ליות, וועלכער האָט געזאָרגט וועגן מאַנגערן (אין דער ניו־יאָרקער אויסגאַבע איז דאָס ליד „די באַלאַדע פונעם ייד, וואָס האָט געפונען די האַלבע לבנה אין אַ קאָרן-פעלד" — געווידמעט בן ציון מרגליות).

ווען די דעלעגאַציע איז אָנגעקומען קיין וואַרשע, איז זי געווען איבערראַשט פון דער גרויסע מאַסע מענטשן, וואָס האָבן מיט אַ ים פון בלומען און מיט געוואַלדיקער באַגייסטע־

רונג באַגעגנט דעם באַליבטן דיכטער און אים געטראָגן ממש אויף די הענט. דאָס איז געווען אַ רירנדע דראַמאַטישע באַגע-געניש מיט די שאָטנס פון די אומגעקומענע זעקס מיליאָן יידן, מיט „זיינע מיליאַנען טויטע".

די דאַמאָלסטיקע צווישן-פּאַרטייאישע יידישע צייטונג „דאָס נייע לעבן" האָט געדרוקט אַרטיקלען און נאָטיצן געווידמעט מאַנגערן און זיין באַזוך אין וואַרשע. משה קנאַפּהיים האָט אין נומער פון 30סטן אַפּריל 1948 אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל „איציק מאַנגער — צו זיין באַזוך אין פּוילן". דער אַרטיקל הייבט זיך אָן אַזוי:

„די מלחמה האָט אונדזער לעבן, אונדזער געמיט און ליד פאַנאַנדערגעטרייסלט ביז די גרונטן, און מיר אַליין זיינען זיך אין באַזונדערע טיילן צעשפּרונגען ווי בראָכשטיינער פון אַ הויז נאָך אַ באָמבען-אויפרייס. יעדן איינעם האָט עס פאַר-וואָרפן אין אַן אַנדער זייט:

**דריי קיין מזרח, דריי קיין מערב**
**און דער רעשט קיין דרום.**
**און דעם בוים געלאָזט אַליין**
**הפקר פאַרן שטורעם.**

„אַזוי ציטערט אויס, אַזוי קלאָגט זיך איציק מאַנגער אין דער זעלטן שיינער ליד „אויפן וועג שטייט אַ בוים". דעם דאָזיקן אָנקומענדיקן שטורעם האָט מאַנגער פאָרויסגעזאָגט נאָך זייענדיק אין וואַרשע אין 1938, ווען היטלער האָט שוין געשאַרפט זיינע וועלפישע ציין".

מ. קנאַפּהיים פאַרענדיקט זיין אַרטיקל אין באַראַקטערים-טישן נוסח פון יענע טעג, ווען די צוריקגעקומענע און געראַ-טעוועטע יידן האָבן נאָך געהאַט די אילוזיע, אַז יידיש לעבן אין באַנייטן פּוילן וועט צוריק אויפלעבן און יידיש-לשון וועט דאָ צוריק בליען. דערציילנדיק וועגן אַלץ וואָס מאַנגער האָט איבערגעטראָגן אין די מלחמה-יאָרן, שרייבט קנאַפּהיים: „נאָר דאָך האָט ער אין 1942, אין דער צייט פון דער מאַסן-שחיטה, נישט אויפגעהערט עקשנותדיק צו גלויבן, אַז אונדזער גאַנג איז —

**דורך נויט און טויט און טרויער —**
**צום אייביק ייִדישן דויער.**

„דעם דאָזיקן אָנזאָג, שרייבט קנאַפּהיים, טראָגט אונדז דער דיכטער אין יענע פֿינצטערע בלוטיקע טעג, און מאַנגער אַליין, וואָס מיר האָבן אים איצטער מיט זיך ביים אויפֿשטייגן פֿון יידישן קולטור־לעבן אין פוילן, צווישן די בערג שטיינער, איז די פֿולסטע באַשטעטיקונג דערויף. זיין ליד קלינגט ווייטער מיט גלויבן, און דאָס הייסט נצחון, מאַנגערס און אונדזער אַלעמענס נצחון".

אין נומער 19 (188) פֿון **דאָס נייע לעבן** איז אָפּגעדרוקט אַ גרויסער באַריכט וועגן דעם קבלת פּנים, וואָס דער „יידישער ליטעראַטן־און זשורנאַליסטן־פֿאַראיין" אין לאָדז האָט איינגעאָרדנט לכּבוד מאַנגערן.

„קיין מאָל נאָך, לייענען מיר אין דעם באַריכט, אויף אַ ליטעראַרישן אָוונט איז דער זאַל פֿון ליטעראַטן־פֿאַראיין ניט געווען אַזוי איבערפֿולט. צענדליקער מענטשן זיינען געשטאַנען אין קאָרידאָר, נישט קאָנענדיק זיך אַריינבאַקומען אינעווייניק. דאָס זאָגט עדות וועגן דער גרויסער אָנערקענונג און באַליבטקייט, וואָס דער דיכטער האָט זיך דערוואָרבן אין די פֿאַרמלחמה־יאָרן ביי די ברייטסטע שיכטן פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג אין פוילן. דער דאָזיקער אָוונט איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַניפֿעסטאַציע פֿאַרן געלייטערטן דיכטערישן וואָרט.

„מיט אַ האַרציקער באַגריסונג און אָפּשאַצונג וועגן גאַסט עפֿנט דעם אָוונט דער פֿאָרזיצער פֿון ליטעראַטן־פֿאַראיין ב. מאַרק *), אָנווייזנדיק אויף דער קעגנזייטיקער באַווירקונג, וואָס עס האָבן געהאַט די צען יאָר פֿון מאַנגערס פֿאַרברענגען

*) בער מאַרק — פּרעזידיום־מיטגליד פֿון צ״ק פֿון פוילישע ייִדן, שפּעטער דירעקטאָר פֿון ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט און פּראָפֿעסאָר פֿון געשיכטע אין וואַרשעווער אוניווערסיטעט. פֿאַרעפֿנטלעכט אַ גרויסע צאָל ווערק וועגן דער געשיכטע פֿון ייִדן אין פוילן, אויך וועגן אויפֿשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

אין פוילן, ווי אויף די פאלקסמענטשן, ווי אויף זייער באזינ־גער. אין די דאזיקע צען יאר האט מאנגער געשאפן דעם גרעסטן טייל ווערק זיינע, דעם גרויסן ביישטייער צו דער יידישער ליטעראטור. ב. מארק פירט דורך א ברייטערן אנאליז פון איציק מאנגערס שאפונגען פאר דער לעצטער צייט, וועלכע זיינען אריין אין בוך „דער שניידער געזעלן נאטע מאנגער זינגט״, וואס דערשיינט אין גיכן אין לאנדאן.

„מיט גרויס אינטערעס און אויפמערקזאמקייט ווערט דאן אויסגעהערט דער שיין־געבויטער, גייסטרייכער רעפעראט פון איציק מאנגער „ווי אזוי דאס פאלק לאכט״. דעם דאזיקן רע־פעראט האט דער דיכטער געהאלטן דאס ערשטע מאל נאך זיין קומען קיין פוילן, ווען ס׳זיינען נאך געווען די דריי א האלבע מיליאן יידן, ווען ס׳האט דא געשפרודלט מיט יידישן שטייגער, מיט יידיש לעבן. ער חזרט אים איצט איבער, וויל א פאלק קאן ניט לעבן אן הומאר, א פאלק קאן ניט עקזיסטירן אן געלעכטער: דאס איז דער גרויסער כוח, וואס דערהאלט אים, זיין גייסטיקן גלייכגעוויכט.

„דער רעפערענט פארענדיקט מיט א רייע ביישפילן פון פאלקס־שאפן ביי יידן און אנדערע פעלקער. און נאך א קור־צן איבעררייס לייענט ער פאר א רייע סאנעטן און תנ״ך־מאטיוון פון זיין נייעם בוך. דער דיכטער איז געווארן בא־שאנקען מיט לאנגע אוואציעס וואס זיינען געקומען ווי אן אויסדרוק פון באגייסטערונג און אנטציקונג, פון אלע פאר־זאמלטע — זיינע געטרייע לייענער און פארערער.

אין זיין שלום־ווארט האט ב. מארק אונטערגעשטראכן דעם פאקט, וואס איציק מאנגער איז געווען און איז פארבונדן מיטן פוילישן ייִד. דא האט זיך אנטוויקלט זיין גרויסער דיכ־טערישער טאלאנט און דעריבער וועט אויך אויף געוויס אין זיין ווייטערדיקן שאפן באקומען אן אויסדרוק די גרויסע עפאפעע פון יידישער פיין און גבורה.

דער דאזיקער אוונט איז געווען איינער פון די שענסטע דיכטערישע אוונטן וואס זיינען פארגעקומען אין ליטעראטן פאראיין״.

בעתן באַזוך פון מאַנגערן אין חרובן וואַרשע, איז אים געווען באַשערט נאָך איין טראַגישע פּערזענלעכע איבערלע־בונג. עס איז פאַרבונדן מיטן נאָמען פונעם דיכטער משה קנאַפּ־היים, וועלכער האָט זיך ערשט געהאַט אומגעקערט פון זיין גע־ונד איבער די סאָוועטישע לענדער, און אין אָריענטאַלישן סאַמאַרקאַנד האָט ער זיך צופעליק געטראָפן מיט איציקס ברודער נאָטע.

וועגן אָט דער באַגעגעניש מיט נאָטען און שפּעטער מיט איציקן אין חרובן וואַרשע, דערציילט מ. קנאַפּהיים אין זיין גרויסער אַרבעט, וואָס טראָגט דעם נאָמען: „איציק מאַנגער — ווי איך האָב אים געקענט":

„די באַגעגעניש מיינע מיט נאָטע מאַנגער, דערציילט קנאַפּהיים, איז פאָרגעקומען אין אויסטערלישע באַדינגונגען, וואָס נישט ער און נישט איך האָבן זיך עס נישט געקענט פאָרשטעלן אַפילו אין חלום. מיר האָבן זיך געטראָפן ווי פּלי־טים אויף דער עוואַקואַציע אין וויטן מיטל־אַזיע. אָט דעם שיינעם שלאַנקן שניידער־געזעלן, באַזונגען און פאַרהערלעכט דורך זיין ברודער דעם דיכטערישן שיינגייסט, האָב איך גע־טראָפן אין אַ שווידערלעכן מעמד, אָפּגעריסן אָפּגעשליסן אין וויטן סאַמאַרקאַנד סוף 1941. אין אַ קאַלטן ווינטערדיקן טאָג איז ער אויסגעוואַקסן פאַר מיר אויף די מאַרמאָרנע טרעפּ פון דער מלוכהשער גאָרקי־ביבליאָטעק, ווו ס'האָט זיך גע־פונען דער ערשט־געשאַפענער אָפּטייל פון טאַשקענטער אוז־בעקישן שרייבערפאַראיין.

„נאָך איידער ער האָט זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט, ווי נאָר כ'האָב אים אָנגעקוקט, האָב איך גלייך אַ זאָג געטאָן: איר זענט אינגאַנצן ענלעך צו איציק מאַנגערן, ממש ווי צוויי טראָפּנס וואַסער.

— כמעט ווי געטראָפן, האָט אויפגעשיינט אַ לעבעדיק פּייערל אין זיינע הונגעריקע אויגן, און מיט אַ קרום־מאַנגע־ריש שעלמיש שמייכעלע צוגעגעבן — איך בין זיין ברודער, נאָר אָן זיין טאַלאַנט. כ'בין בלויז נאָטע מאַנגער, מער גאָרניט.

און אַז איר ווילט שטאַרק — בין איך שוין באַלד דאָס אויך נישט...

„כ׳האָב פאַרשטאַנען זיין אומעטיקע איראָניע און אים געפּרוּווט טרייסטן מיט חלשות-טראָפּנס: — מיר זיינען אַלע אין דער זעלבער לאַגע, — האָב איך נישט אַראָפּגענומען דעם בליק פון אים, — איר ווייסט דאָך, צרות רבים, חצי נחמה.

— נאָר ביז סע וועט קומען די נחמה . . .

ער האָט נישט דערזאָגט ביזן סוף, כאָטש דער גראַם צו נחמה — אַז עס קען פריער אַרוים די נשמה — האָב איך געפילט, האָט זיך ביי אים געבעטן פון די ליפּן אַראָפּ. נאָר ער האָט עס נישט אַרויסגעבראַכט פאַרן מויל.

ער איז ניט געווען אַליין דעמאָלט, נאָטע מאַנגער. ער איז געקומען אין באַגלייטונג פונעם יִדיש-רומענישן שרייבער הערש-לייב קאַשבער, אַ נידעריקער, אַ קרעמפּער, אַ שווער-גייער צוליבן אונטערהינקען אויף אַ פוס.

„איך בין דעמאָלט געווען דאָרט דער איינציקער שרייבער פּליט מיט אַ לעגימיטאַציע פונעם מינסקער שרייבער-פאַראיין, וואָס די אוזבעקישע שרייבערס האָבן זיך גערעכנט מיט דעם. קאַשבער האָט מיך אָוועקגערופן אָן אַ זייט און געבעטן, איך זאָל אים געבן, נאָטע מאַנגערן, אַזאַ באַשטעטיקונג וואָס איך האָב געגעבן אים און דעם ריגער שרייבער מ. קיטאַי. נאָך וואָס מ׳האָט גענוצט די באַשטעטיקונג? מיט אַזאַ צעטל האָט מען געקאָנט ארויפגענומען ווערן אויף דער רשימה צו באַ-קומען אַ מיטאָג, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ פאַרדאַרט קאָט-לעטל מיט אַ פּייקע ברויט פון דריי הונדערט גראַם און צוויי קאַסטקעס-צוקער צו דער טיי, וואָס מע האָט אויסגעטרונקען ביטערערהייט און דעם צוקער געטווישט אויפן מאַרק אויף אַ שטיקל ברויט.



. . . „הערש לייב קאַשבער, מיט די שוואַרצע ליאַמוווקעס אונטער די אויגן, האָט איין מאָל, גייענדיק אויף די טרעפּ וואָס האָבן געפירט אין גרויסן האָל פון דער גאָרקי-ביבליאָ-

טעק, זיך געגעבן אַ צי אויס אַ שווערער, ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים, מיט אַ טעמפּן הילך פונעם פאַל. ער איז אוועקגעפאַלן אַ פאַרחלשטער פון הונגער. מ'האָט אים אַריינגעטראָגן אינעם זייטיקן צימערל, וווּ ס'האָט זיך געפונען דאָס שרייבערישע בופעטל. נאָכן אָפּמינטערן אים האָט מען אים געגעבן אַ גלאָז הייסע טיי מיט אַ שטיקל ברויט. נאָר מער ווי איין קאָטלעטל אויף מיטאָג האָט ער סיי ווי נישט געקריגן.

ער האָט זיך געהאַלטן גוט מיט זיין לאַנדסמאַן, נאָטע מאַנגער. ווי אַן אָח לצרה האָט מען זיך געהאָלפן איינער דעם צווייטן. די קעגנזייטיקע הילף אָבער איז געווען אַזאַ הילפלאָזע אַז זי האָט נישט דעם און נישט יענעם געקענט ברענגען די ישועה. בכדי צו שטילן דעם הונגער האָט מען זיך נאָכן מיטאָג אַרויסגעלאָזט איבער די גאַסן זוכן אויסגעשפּיגענע קערן פון „אוריוק״, פון געלע פלוימען, אַפּריקאָסן. אַז מע האָט שוין געהאַט אָנגעקליבן אַ שפּאָר ביסל, האָט מען זיי צעקלאַפּט מיט אַ שטיק ציגל אויף אַ שטיין און געגעסן די מאַנדלען. מע האָט אויך געמאַכט אויספלוגן אויפן שוואַרצן מאַרק, וווּ ס'זענען געשטאַנען די פּיפּיקע אוזבעקישע אויבסטהענדלערס מיט שטעקעלעך אין די הענט. אַ גוט־געקליידעטן האָבן זיי געלאָזט נעמען אַ פּאָר ראָזשינקעס צו פאַרזוכן, צי זיי זענען טאַקע זיסע. אין רוסלאַנד פאַרזוכט מען צוקער צי ער איז זיס, זאַלץ צי ס'איז נישט קיין ביטערזאַלץ, מעל צי ס'איז טאַקע מעל און נישט קיין קרייד־פּראָשעק. די מאַרקשטייערס ביי די טיש־געשטעלן האָבן געוווּסט, אַז דער וואָס פאַרזוכט וועט נאָך דעם געבן צו לייזן. אָבער אַן אָפּגעריסענער, אַ פּליט, אַז ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צום זעקעלע ראָזשינקעס, צי ניסלעך, האָבן זיי אים געגעבן מיטן שטעקעלע איבער די הענט. זיי האָבן זיך שוין געכאַפּט, אַז די עוואַקואירטע פאַרזוכן בלויז, אָבער קיינער פון זיי קויפט נישט. אַז ס'גיט זיך זיי איין צו פאַרזוכן, אַזוי ביי אַ צען הענדלערס, שטילן זיי אַ ביסל דאָס נאָגעניש אונטערן לעפעלע.

נאָטע מאַנגער האָט איין מאָל, גייענדיק מיט מיר איבערן מאַרק, זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און אַ כאַפּ געטאָן אַן איינגעזייערטן גרינעם פּאָמידאָר פון אַ פּעסל אַרויס, און אים

גלייך געגעבן אַ פּאַק אַריין אין מויל. דער אוזבעק האָט איב נאָכגעיאָגט און באַוואָרפן מיט קלעפּ, זיי אָנגענומען באהרה און נישט אויפגעהערט גיך קייען דעם פּאָמידאָר.

מער ווי אַ יאָר האָט נאָטע מאַנגער נישט אויסגעהאַלטן דעם הונגער-גיהנום אינעם שיינעם זוניקן אָריענטאַלישן סאַמאַרקאַנד. ער איז אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט אין 1942.

„ווען איך האָב זיך נאָך דער מלחמה געטראָפן מיט איציק מאַנגער אין חרובן וואַרשע — ער איז געווען דעלעגירט פון פּען.קלוב צו דער אָפּדעקונג פונעם דענקמאָל פון וואַרשעווער געטאָ-אויפשטאַנד, אין 1948, האָב איך אים איבערגעגעבן דעם טרויעריקן גרוס פון זיין ברודער נאָטע מאַנגער. ער האָט נערוועז געדרויכערט איין פּאַפּיראָס נאָכן צווייטן. געוואָלט פון מיר אַרויסקריגן וואָס מער פּרטים וועגן זיין ברודער, צי איך בין געקומען צו אים אַהיים? וואָס ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן? צי ער האָט נאָך געטראָגן דעם לאַנגן גראָען מאַנטל? ער איז דאָך געווען, נאָטע, אַן אַקוראַטנער, שטענדיק עלעגאַנט, די הויזן האָט ער געטראָגן מיט אַ קנייטש, דעם שניפּס גלייך, נישט ווי ער איציק מיטן צעפלויגענעם קראַוואַט און צעשויבערטער טשופּרינע, מיט די אָפּגעטראָגענע אויסגעריבענע אָנצוגלעך, מיטן שוואַרצן רעגנמאַנטל, זומער און ווינטער אָנגעהאָנגען מדינה-גייעריש אויפן אַקסל, מיטן פאַרפּעסטעטן שוואַרצן קאַפּעליוש, פאַררוקט ווילעריש אויף אַ זייט.

„מיר זענען געזעסן אינעם אָנגערויכערטן פּוילישן רעסטאָראַן. דער קעלנער האָט צוגעברענגט איין מאכל, אַ צווייטס. מאַנגער האָט נישט געקאָנט נעמען דעם לעפל צום מויל. אַזוי פאַרטראַכטערהייט, מיטן געדאַנק פאַרטראָגן ערגעץ ווו, האָט ער אָנגעגאָסן די גלעזלעך. מע האָט זיך אָנגעקלאַפּט מיט זיי און איבערגעקערט. איין מאָל, אַ צווייט מאָל. נאָר ער האָט גאָרנישט צוגעגעסן. דאָס גאַנצע מיטאָג זיינס איז אַזוי געבליבן שטיין נישט אָנגערירטערהייט אויפן טישל אין רעסטאָראַן. אויך דאָס מאָל האָט ער, ווי זיין שטייגער איז שטענדיק געווען, מיך נים געלאָזט צאָלן. ער האָט צוגערופן דעב

קעלנער און באַצאָלט דעם באַטרעף מיט אַ שפּאָרן טרינק־געלט.

„מיר זענען אַרויס פונעם פול־געפּאַקטן פּוילישן רעסטאָ־ראַן מיט די ייִדישע מאכלים, ווי ס'האָט זיך איינגעשטעלט דער נייער מינהג, אַז פּאַליאַקן האָבן נאָכן טויט פון די ייִדן, אָנגעהויבן עסן ייִדישע עסנס, געפילטע פיש, טשאָלנט מיט קוגל, חלהס, געפּלאַכטענע שטריצלען, לאָקשן מיט יויך מיט צוקער־באָבעס, געבאַקענע פאַרפל און אַפילו המן־טאַשן מיט מאָן.

„די פיס האָבן אונדז שווין מיט אַ גרינגקייט אַליין גע־פירט אין דער ריכטונג פון די געטאָ־חורבות, וווּ מיר האָבן געטובלט די שיך אין זייער הייליקן געל־רויטן שטויב, און איציק מאַנגער האָט מער פאַר זיך, ווי פאַר מיר, זיין מיט־גייער, צי אפשר גאָר פאַר די מאָנסטרועזע, שוואַרץ־אָפּגע־ברענטע חורבעדיקע בראָכשטיקער, געזאָגט — געזונגען דאָס באַרימט־געוואָרענע ליד זיינס פון די „לידער פאַר רחלען":

אונטער די חורבות פון פוילן
אַ קאָפּ מיט בלאָנדע האָר —
דער קאָפּ און פּיי דער חורבן
ביידע זיינען וואָר.
דאַליע מיינע, דאַליע.

איבער די חורבות פון פוילן
פלאַטערט אַ פויגל אום,
אַ גרויסער שבעה־פויגל,
ער ציטערט מיט די פליגל פרום,
דאַליע מיינע, דאַליע.

דער גרויסער שבעה־פויגל —
מיין דערשלאָגן געמיט —
ער טראָגט אויף זיינע פליגל
דאָס דאָזיקע טרויער־ליד,
דאַליע מיינע, — דאַליע.



לאָמיר דאָ אָפּגעבן כבוד נאָטע מאַנגערס חבר — הערש לייב קאַזשבער, וועגן וועלכן עס דערציילט אַזוי רירנד דער שרייבער משה קנאַפּהיים.

אין איציק שוואַרצס „דרייסיק יאָר יידישע ליטעראַטור אין רומעניע" ווערט דערציילט אַז ה. ל. קאַזשבער „איז טראַגיש אומגעקומען אין 1942", קיין פּרטים ווערן ניט אָנגעגעבן. עס איז באַוווּסט אַז אין 1939 איז קאַזשבער געווען לערער פון יידישער ליטעראַטור אין דער אָוונטשול פון „מאָרגנרויט". אַ געוויסע צייט פאַר דעם איז ער געווען אין ווילנע אַספּיראַנט פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

איציק וויינשענקער, מאָנטעווידעאָ, דערציילט וועגן קאַזשבערן: „זיין ביכל „קאָזיאָנע גימנאַזיע" שילדערט די יידישע סביבה אין אַ בעסאַראַבער פּראָווינץ־שטאָט. געשריבן כּמעט אַ שפּראַך פון אַ רייפן, קערנדיקן שרייבער און מיט טיפער קענטעניש פון די העלדן . . . אין יאַנואַר 1939 האָב איך אים צוגערעדט, אַז איך וועל אים און זיין פרוי, די יונגע שרייבערין אָנהייבערין נחמה גאָלדשטיין — אַרויסנעמען קיין באַליוויע . . . מיט זיין פּאַטעטישער באַריטאָן־שטימע וואָס האָט שטענדיק אויסגעדריקט אַזוי פיל מענערישקייט און טעמפּעראַמענט, האָט ער אויסגעהאַמערט: ניין! איך בלייב דאָ, מיט מיינע העלדן. איך ווייס וואָס עס קומט, אָבער איך וויל זיי ניט פאַרלאָזן. וואָס עס זאָל ניט זיין — בלייב איך מיט זיי!" און ער איז געבליבן . . .

אין 1940 זיינען בעסאַראַביע און בוקאָווינע איינגעשלאָסן געוואָרן אין ראַטן־פאַרבאַנד, ה. ל. קאַזשבער האָט זיך געהאַלטן „ווי איינער פון די מוטיקסטע צווישן די אָרטיקע יידישע שרייבער".

עס איז כדאי צו פאַרצייכענען: אין די נומערן צוויי און פיר פונעם זשורנאַל „שויבן", בוקאַרעשט, 1936, זיינען אָפּגעדרוקט עטלעכע קאַפּיטלעך פון קאַזשבערס בוך „פּאָרטרעטן און סקיצן — אַ קאָזיאָנע גימנאַזיע".

## פראַ- און קאָנטראַ-מאַנגער, פינף בריוו פון מאַנגערן

אַ יונגער יידישער שרייבער, שיע טענענבוים, האָט געפונען אַ טריבונע, ווו ער האָט געקענט פריי אַרויסברענגען זיינע שטימונגען און טענות צו די ניו־יאָרקער־וואָרטזאָגערס אין דער יידישער ליטעראַטור, בפרט פאַר זייער באַציִונג צו מאַנגערן. דאָס איז געווען דאָס „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", רעדאַגירט פון יצחק ליבמאַן. ליבמאַן גופא האָט געהאַלטן, אַז ש. טענענבוימס אַרטיקלען (נומער 368 און 369 פון „וואָכנבלאַט", אַפּריל 1949) זיינען „אַ גלענצנדע אָנקלאַגע קעגן די דיקטאַטאָרן און די קליקעס" פון דער יידישער ליטעראַטור. אין וואָכנבלאַט פון 21סטן מאַי 1954 האָט ליבמאַן נאָך אַמאָל איבערגעדרוקט טענענבוימס אַרטיקל „דיקטאַטאָרן און קליקעס" צוזאַמען מיט עטלעכע בריוו פון א. מאַנגער, געשריבן אין פעברואַר, מאַרץ, אַפּריל 1949. מאַנגערס בריוו זיינען פול מיט בייזע גאַליקע ווערטער אויפן אַדרעס פון די דעה־זאָגערס פון דער יידישער ליטעראַטור. זיין באַזוך אין וואַרשע האָט פון דאַסניי אויפגעוועקט אין אים ביטערע געפילן: די שארית הפליטה פון פּוילישן יידנטום האָט אַרויסגעוויזן צום דיכטער אַזוי פיל ליבשאַפט, וואַרעמקייט און האַרציקייט. פאַרוואָס רופט זיך ניט אָפּ אויף זיינע וואַנדערונגען דער מיליאָניקער יידישער יישוב פון ניו־יאָרק, מיט זיין פּרעסע, מיט זיין פולסיראַדיקן יידישן לעבן.

לאָנדאָן האָט נאָך זיין רייזע קיין וואַרשע אויסגעזען נאָך טרויעריקער.

ש. טענענבוים פּראָטעסטירט און קלאָגט אַז „דעם אופן ווי די לייוויק־אָפּאָטאָשו־קליקע הערשט אין דער יידישער

ליטעראַטור". ער קריטיקירט שאַרף די פּראַקטיק ווי אַזוי די פּרייזן פונעם לואיס לאַמעד-פאָנד „זיינען פאַרטיילט געוואָרן צו די וואָס שטייען נאָענט צו דער קליקע". טענענבוים שטעלט די פראַגע — פאַרוואָס איציק מאַנגער איז ניט איינגעלאַדן געוואָרן צום אַלוועלטלעכן קולטור-קאָנגרעס, סעפּטעמבער 1948. ער שרייבט:

„דער מינדעסטער יִדישער לייענער, מיט נישט צופיל אינטעליגענץ, וועט פּראָטעסטירן און איינזען די העסלעכקייט פון דעם פאַקט, אַז אַזאַ גרויסער — אויב ניט דער גרעסטער ליִרישער דיכטער ביי ייִדן — איציק מאַנגער, איז נישט אָנ־וועזנד געווען אויף דער ייִדישער קולטור-קאָנפערענץ אין ניו־יאָרק. עס זענען פאַראַן באַווייזן, אַז די קליקע באָיקאָטירט איציק מאַנגערן. בשעת זיי האָבן נישט גערוט און אָהער־גענומען די ייִדישע דעלעגאַטן פון פּאַריז און רוים און אַנדערע זייערע אונטערגעאָרדנטע, — איז איציק מאַנגער פאַר זיי טריף. פאַרוואָס? ווייל איציק מאַנגער זאָגט צו שליידערן דעם אמת אין פּנים. ווייל איציק מאַנגער וואָלט די מעשׂים פון דער קליקע נישט פאַרשוויגן. ווייל איציק מאַנגער איז אַן עמאָציאָנעלער מענטש, אַן אימפּולסיווער כאַראַקטער, וואָס וואָלט זיך מיט קיין כּיבודים נישט געלאָזט אָפּקויפן און פאַר־בינדן די אויגן מאָראַליש.

„מיט איין וואָרט — איציק מאַנגער, פּונקט ווי אַ זלמן שניאור, זיינען נישט קיין מענטשן וועמענס רוקן-ביינער מען קען צעברעכן. דערצו ליידן נישט די הערן פון דער קליקע קיין מענטשן מיט טאַלאַנט. זיי וואָלטן וועלן באַשעפטיקן אַרום זיך קלענערע מענטשן ווי זיי זיינען, רעצענזיע-שרייבערלעך און אַלערליי ביליקע טשינאָווניקעס און צווייפּלהאַפטע טאַ־לאַנטן. מענטשן מיט טאַלאַנט, מיט כאַראַקטער — זיינען דער קליקע נישט ווילקאָמען.

ווי אַזוי די פּאָפּולאַריטעט פון דער קליקע שטייגט אַרי־בער די גרענעצן פון אַמעריקע, וועלן באַווייזן די עטלעכע בריוו פון איציק מאַנגער, וועלכע מיר דרוקן דאָ אָפּ מיט איציק מאַנגערס דערלויבעניש. ווי מען האָט זיי ליב און ווי מען

קען זיך ווויל אויף זייערע הייליקע מעשים — וועלן באַווייזן די דאָזיקע בריוו פון אַ גרויסן פּאָעט, וועלכן מען האַלט, זאָל דאָ אָפּן געזאָגט ווערן, מיט אַ כיוון אין דעם איירעפּעאישן פּריזאָן ווייל ער שטעלט מיט זיך פאָר אַ געפאַר צו דער היגער קליקע. זיי ווייסן זייער גוט, אַז איציק מאַנגער איז נישט קיין מענטש וועלכן מען קען לייכט אַפּיזן".

די פינף בריוו פון א. מאַנגער, וואָס ש. טענענבוים האָט פאַרעפנטלעכט אין ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט, לייענען זיך אַזוי:

**

לאָנדאָן, 18טן מאַרץ, 1949

ליבער טענענבוים,

„נעכטן באַקומען אייער בוך און אייער בריוו. אַ האַרציקן דאַנק. איך וועל די נאָענטסטע טעג לייענען אייער בוך. איך בין ערשט צוריקגעקומען פון דער שווייץ. געווען אַ פּאָר וואָכן אין אַ סאַנאַטאָריום. אוודאי איז דאָס ניט גענוג. איך וואָלט באַטש געדאַרפט זיין מינימום אַ יאָר כדי אַ ביסל צו פאַרריכטן מיין געזונט, וואָס איז לײדער גאָרניט פייגלדיק.

עס וווּנדערט מיך וואָס איר נעמט נאָך ערנסט די יידישע ליטעראַטור. ס'איז שוין מער נישט קיין ליטעראַטור. ס'איז אַ לייוויק־אָפּאַטאָשו. דער בולטסטער סימפּטאָם פון אַ פאַר־פוילונגס־צושטאַנד. אוודאי טוט עס וויי. אָבער מען קען זיך נישט העלפן. מיקראָבן באַווייזן זיך תמיד ווען אַ נבלה ליגט גרייט: „קום און צעפרעס". וואָלט נאָך געווען אַ פּויליש־ליטווישער ישוב, וואָלט געווען אַנדערש. אַזוי איז פאַרפאַלן.

איך האָב צו אייך אַ בקשה און האָף, אַז איר וועט מיר נישט אָפּזאָגן. איך וואָלט זייער געוואָלט האָבן יאָפּעס „אַנ־טאָלאָגיע פון דער העברעאישער פּאָעזיע" אין יידיש, דער־שינען נישט לאַנג אין דער ציקאָ — און אויך זיינע עסייען, דערשינען מיט אַ פּאָר יאָר צוריק. וואָלט איך געהאַט זיין אַדרעס, וואָלט איך אים אָנגעשריבן. אפשר קענט איר עס אויספּועלן פאַר מיר. ווייטער וואָלט איך געוואָלט האָבן ריוו־

קינס „יידישע דיכטער אין אַמעריקע". אפשר וואָלט עס מיר מאַדאַם ריווקין שיקן. זייט אַ גוטער און פאַרזאָרגט עס מיר. דאָס איז דערווייל אַלץ. אייער, איציק מאַנגער.

⁂

לאָנדאָן, דעם 10טן פעברואַר, 1949

מיין ליבער טענענבוים,

איך דאַנק אייך זייער פאַר אייערע באַמיאונגען פאַר מיר. ס'איז באמת חבריש. איך וועל אייך תיכּף שרייבן ווען איך וועל באַקומען די ביכער.

ווי איך האָב געלייענט אין **פאָרווערטס** (וואַרשאַווסקי, איינהאָרן) הייבט זיך אָן אַ שטיקל באַוועגונג אַנטקעגן דער ציקאַ־קליקע. ס'איז די העכסטע צייט. ניין, איך האָב מורא ס'איז שוין אַ ביסעלע צו שפּעט.

פאַרטראַכט זיך איבער דעם פענאָמען: די ליבשאַפט פון די העברעאיסטן האָט אויפגעוועקט אַ טויטע שפּראַך צום לעבן. און די קליינלעכע קינאה שינאה און זעלבסט־רעקלאַ־מע מצד די זשאַרגאָניסטן האָט אַוועקגעהרגעט אַ לעבעדיקע שפּראַך.

ס'איז באמת טרויעריק. איך לייען אייער בוך און געפין אַ סך פיינע און ריכטיקע באַמערקונגען. בילדערישע עמאָציאָנע־לישקייט. איך וואָלט אָבער געוואָלט איר זאָלט אַרויס פון דעם „פראַגמענטאַרישן" צושטאַנד. פון דעם עפּיזאָדישן. נעמט זיך צוזאַמען און פאַרמעסט זיך אויף אַ גרויסער קאַנווע. איך וויל אַז איר זאָלט מיך פאַרשטיין. איך מיין אַרבעטן, וואָס זאָלן אויסשעפּן טעמעס ביזן קלענסטן דעטאַל, און דאָך זיין אַ סינטעטישע ווערק. אָט למשל:

1) אַ מאָנאָגראַפיע איבער די יונגע אין אַמעריקע.

2) די יידישע דיכטונג אין אייראָפּע. מיט סובדיוויזיעס: א) לאַנדשאַפטן, ב) איינפלוסן, ג) רעספּעקטיווע פאָלקלאָרן און

ליטעראַטורן פון די שכנותדיקע פעלקער, ד) יידישער פאָלק־לאָר — לאַנדשאַפן, רעליגיעזער און וועלטלעכער אַספּעקט, אאַ״וו, אאַ״וו.

איך שרייב אייך דאָס ווייל איך האַלט אַז איר קענט זיך פאַרמעסטן. וואָס אונדז פעלט, איז ליבשאַפט. איר פאַרמאָגט עס. און מיט ליבשאַפט קען מען באַווייזן ווונדער.

זייט מיר האַרציק געגריסט

אייער, איציק מאַנגער

⁂

לאָנדאָן, 7טער מאַרץ, 1949

ליבער ש. טענענבוים,

באַקומען אייער בריוו און בין באַזאָרגט וועגן אייער געזונט. אויך איך שפּיי פון צייט צו צייט מיט בלוט, אָבער איך בין שוין אַן אַלטער בער און דער רוח וועט מיך נישט נעמען. גיט אַכטונג אויף זיך.

דאָס וואָס איר שרייבט מיר אַז באַשעוויס האָט אייך געעצהט צו פאַרעפנטלעכן מיינע באַמערקונגען, טוט עס. אויב זיי וועלן מיט עפּעס העלפן צו ענדערן דעם טרויעריקן צושטאַנד פון אונדזער ליטעראַטור, זאָל עס זיין צום גוטן. איך האָב מורא, אַז אַנשטאָט צו העלפן וועט עס מאַכן, אַז דער געשטאַנק זאָל דערגרייכן ביזן זיבעטן הימל. נאָר מילא.

איך וויל איר זאָלט פאַרשטיין, אַז איך שאַץ אָפּ ווי געהעריק דאָס פּאָזיטיווע וואָס עס איז פאַראַן סיי אין לייוויק סיי אין אָפּאַטאָשו; אָבער דאָס צוויי־קעפּיקע באַשעפעניש לייוויק־אָפּאַטאָשו איז סיי גראָטעסק סיי שעדלעך. אין אַן אַנדער ליטעראַטור, מיט אַן אוידיענץ, מיט אַ געזונטער קריטיק, וואָלטן אָט דער ליטעראַרישער דאָבטשינסקי־באָבטשינסקי אַרויסגערופן געלעכטער. ביי אונדז, ווי איז מיר, פאַרשאָטענען זיי, פאַרטומלען זיי, פאַרשרייען זיי, פאַרנודזען זיי אַ

וועלט. דער באַרדיטשעווער רב וואָלט בפירוש געקענט אַנ־
ווענדן לגבי זיי —

אין מזרח — זיינען זיי דאָ,
אין מערב — זיינען זיי דאָ,
אין צפון זיינען זיי דאָ,
אין דרום זיינען זיי דאָ,
צו אַ יובילעאום זיינען זיי דאָ,
צו אַ פּרעמיע זיינען זיי דאָ,
ביים איקוף זיינען זיי דאָ,
ביי דער ציקאָ זיינען זיי דאָ,
אין פּאַריזער קיום זיינען דאָ,
אין דער גאָלדענער קייט פון תל־אביב — דאָ.

און פּרוווט אָנשרייבן אַ קריטישע אָפּהאַנדלונג וועגן זיי, ערנסט אַנאַליטיש. אויב עס האָט נאָר אַ נעגאַטיוון מאָמענט, וועט קיינער עס נישט דרוקן. ווייל זיי זיינען דאָ — דער־לאָזן נישט. זיי קאָרומפּירן מיט דער הילף פונעם „שרייבער־פאָנד" די יידישע שרייבער פון אייראָפּע. זיי הייסן געבן וועמען זיי דאַרפן האָבן. דערפאַר פילן זיך די שרייבער פאַרפליכטעט נישט צו דערלאָזן די מינדסטע קריטיק, דאָס מינדסטע שפּרינקעלע. דערמיט פאַלשעווען זיי דאָס יידישע ליטעראַטור־בילד. רעקלאַמע ווערט אָנגענומען פאַר אָפּשאַ־צונג. אויב דאָס אַלץ וואָלט ניט געווען אמת, וואָלט עס געווען אַ פּאַראַדיע.

שרייבט מיר וואָס איר מאַכט.

אייער, איציק מאַנגער

### אַ בריוו צו זלמן שניאור

חשובער פריינד שניאור, לעפּטוויטש האָט מיר איבערגע־געבן, אַז איר זיינט ניט מיט אַלעמען, און דאָס אַרט מיך זייער. איך וויל איר זאָלט זיין געזונט און אַז איר זאָלט ווייטער אָנגיין מיט אייער אַרבעט. איך פרעג אייך אַליין, איר זענט

דאך עפעס א קלוגער ייד, איז ווי זשע קומט צו אייך אזא נארישקייט ווי קראנק זיין? כ'לעבן, ר' זלמן, ס'איז „פע".

איך האב געלייענט, אז איר האט ארויסגעגעבן צוויי נייע ראמאנען און לעפטוויטש האט מיר אפילו געזאגט, אז איר האט זיי אים צוגעשיקט.

איך האב געלייענט אפאטאשוס נייסטן ראמאן „ר' עקיבא". דאס זאל זיין א היסטארישער ראמאן? קיין שום געשטאלט, קיין ברעקל אקציע, און סטיל — ציימונגס־זשארגאן. א חוץ א ביסל פילאזאפישע חריפות גארנישט. אבער לחלוטין גארנישט.

ס'וואונדערט מיך וואס ער האט נאך נישט באקומען דעם לאמעד־פרייז. נאר מסתמא וועט ער אים נאך באקומען.

וואס הערט זיך מיט אייער נסיעה קיין ארץ־ישראל? שרייבט מיר ווי איר פילט זיך. איך בין דערוויל אין לאנדאן און האף מיטן אייבערשטנס הילף אז איך וועל האבן כוח אוועקצופארן.

זייט מיר געזונט און שטארק ווי עס ווינטשט אייך

אייער, איציק מאנקער

⁂

לאנדאן, 26טן מארץ, 1949

ליבער טענענבוים, באקומען אייער בריוו. אויב איר פארעפנטלעכט אויסצוגן פון מיינע בריוו, שיקט זיי מיר צו. די „קליקע" וועט זיכער אויפהייבן א טומל. זיי האבן אין יעדער צייטונג א צד און אין יעדער יידישער אינסטיטוציע. שיקט מיר צו אלץ און תיכף, וואס זיי וועלן שרייבן וועגן די באמערקונגען. זיי וועלן זיכער זידלען, אויסטראכטן רכילות. איך קען צו גוט דעם טיפ לייוויק־אפאטאשו און דעם ליטע־ראריש אידעם זייערן א. לעיעלעס. זיי פירן א שטילע מיאו־סע קאמפאניע קעגן מיר. פון די אלע פאנדן פון הילף פאר יידישע שרייבער באקום איך נישט קיין גראשן. צוויי מאל

האָבן זיי מיר געשיקט צו פופציק דאָלאַר און אָפּגעשטעלט. זיי שטעלן אויף דעם ,וואָס איך האָב נישט ווו צו דרוקן עפּעס וואָס זאָל זיי אויפדעקן.

יעקב פּאַט, ווען ער איז געווען אין לאָנדאָן, האָט מיר דערציילט, אַז צו אים קומען יידישע שרייבער מיט טענות: „מיר האָבן געהערט איר ווילט ברענגען מאַנגערן קיין אַמע־ריקע. וואָס וועט ער דאָ טאָן ? ער וועט שיכורן, מאַכן סקאַנדאַלן".

יעקב פּאַט האָט מיר נישט געוואָלט זאָגן די נעמען פון די דאָזיקע שרייבער. אָבער איך שטעל מיך פאָר זייערע פּנימער. זיי זיינען זייער ענלעך צו לייוויק־אָפּאַטאָשו און דעם הייזע־ריקן איידעם לעיעלעס. — — — זיי לאָזן מיך נישט צו מיט־צוארבעטן אין קיין שום צייטונג איך זאָל פאַרדינען עפּעס. זיי לאָזן מיר נישט העלפן. סע בלייבט פּשוט אויסגיין פאַר הונגער און נויט. אויב סאיז אמת וואָס מענטשן פון ניו־יאָרק שרייבן מיר, און צווישן זיי יידישע שרייבער, אַז מען האָט מיך ליב, טאָ צו וואָס דערלאָזן זיי אַט די וואַקכאַנאַליע ? קען אַ ווערטפולע ליטעראַטור ווערן געבויט אויף אַזאַ הפקר ? און זיי זיינען זייער ענלעך צו לייוויק־אָפּאַטאָשו און דעם הייזע־ליטעראַטור, זיי וואָס זיינען גורם דערצו. יוגנט אַנטלויפט פון שמוץ. יוגנט איז אידעאַליסטיש. און ווען צו זיי דערגייט דאָס באַרעדן און באַשמוצן איינער דעם צווייטן, אַנטלויפט זי. דאָס איז יידישע ליטעראַטור ? דאָס זיינען יידישע פּאָעטן? פּע !!!

און וועגן נאָכוווקס. ווי אַזוי קענען צוקומען יונגע שרייבער, אַז מען לאָזט נישט צו צו גאָרנישט. נישט יעדער קען דאָך זיין אָפּאַטאָשוס זון בדי מען זאָל אים מקרב זיין. נאָך מער: די ציקאָ זאָל אַרויסגעבן דאָס ערשטע בוך און דאָס ערשטע בוך זאָל שוין באַקומען אַ פּרייז . איך ווייס ווי שווער מיר קומט אָן נאָך ביים היינטיקן טאָג אַרויסצוגעבן אַ בוך, צו זוכן בעל־נים וואָס זאָלן וועלן געבן געלט דערויף. אויב מיין ווערק האָט עפּעס די ווערט, זייט זיכער אַז „זיי" האָבן קיין שום חלק נישט דערין, זיי די יידישע קולטור־טוער און פּרייז־

געבער. קיין שום בוך מיינס איז נישט דערשינען מיט זייער הילף און נישט מיט זייער דערמוטיקונג. צעבלאָזט זייער רעטאָריק וועגן יידישער קולטור, און סע בלייבן נאָר אַ כאַפּטע ראַצן וואָס ווילן לעבן אַ גוטן טאָג מיט וואָס פאַראַ מיטלען ס׳זאָל נישט זיין. אָרעם יידיש לשון! דערמאָרדעט פון דרויסן, געשענדעט און פאַרבלענדעט פון אינעווייניק.

בעסטע גערוסן אייער

איציק מאַנגער

⁂

אין פאַריזער „אַרבעטער וואָרט״ איז אין 1949 געווען אָפּגעדרוקט אַ נאָטיץ א״נ „ווו איז איציק מאַנגער״? „כ׳לייען יידישע צייטונגען, יידישע זשורנאַלן. ווו איז איציק מאַנגער? מ׳זעט אים ניט. ס׳איז פאַרשוואונדן אַ גרויסער יידישער דיכטער, ווו איז איציק מאַנגער?״.

אָבער ניו-יאָרקער ליטעראַטור-מענטשן האָבן זיך ווייניק געקימערט איבער דעם וואָס „ס׳איז פאַרשוואונדן אַ גרויסער יידישער דיכטער״. פריוואַט האָבן זיי זיך פאַרענטפערט. לעיעלעס, וואָס איז דעמאָלט געווען דער פרעזידענט פון יידישן פען-קלוב, האָט געשריבן צו י. לעפּטוויטשן: „גלייבט מיר ליבער פריינד, ניט איך, ניט לייוויק האַלטן די שליסלען פון אַמעריקע אין די הענט. איך ווייס וועגן פאַטס אַפּידייוויט פאַר איציק מאַנגערס קומען אהער. אָסור אויב איך ווייס פאַרוואָס ער איז אין כּעס אויף אונדז דאָ. איך פערזענלעך בין שטענדיק געווען דורכוים פריינדלעך צו מאַנגערן, וועמעס טאַלענט איך שעץ זייער שטאַרק. ער מעג זיין זיכער, אַז דער פען-קלוב וועט אים מיט גרויס כּבוד מקבל פּנים זיין. זאָל ער שוין טאַקע קומען״. י. לעפּטוויטש ציטירט אויך אַ בריוו פון לייוויקן, ווו ער פאַרטיידיקט זיך קעגן מאַנגערס צאָרן — „ווייל איך דערלאָז אים ניט אַרייצוקומען קיין אַמעריקע. איך פאַרזיכער אייך, אַז איך האָב ניט די שליסלען צו אַמעריקע״. פון אַן אַנדער בריוו פון לעיעלעס ציטירט לעפּטוויטש די

ווערטער: „צי מיינט מאַנגער, אַז ווייל איינער איז אַ באַ־גאַבטער פּאָעט האָט ער דאָס רעכט צו באַוואַרפן אַנדערע מיט אומבאַרעכטיקטע באַשולדיקונגען״? (צום באַדויערן, גיט ניט אָן לעפּטוויטש די דאַטעס פון די אַלע בריוו).

דער נוסח אין די דאָזיקע בריוו דערמאָנט דעם נוסח פון ה. לייוויקס ענטפער מאַנגערן אין זיין עפנטלעכן בריוו פון 1941.

## יעקב גלאַטשטיין קאָנטראַ איציק מאַנגער

און גראָד דעמאָלט, סעפּטעמבער 1948 (אין „אידישן קעמ־פער״) קומט אַרויס י. גלאַטשטיין מיט אַ „צעשמעטערנדיקן״ אַרטיקל קעגן מאַנגערן. י. גלאַטשטיין לייקנט אינגאַנצן אָפּ די גרויסקייט פון מאַנגער דעם דיכטער. ער מאַכט אים גאָר אויס פּאָעט. ער שרייבט וועגן מאַנגערן „דעם יידישן באַלאַ־דיסט״ אַז —

„ער האָט אויף אַ געשיקטן אופן אויפגעלעבט די סאַמע פּרימיטיוויסטע עלעמענטן פון ליד און געגעבן דעם פּשוטן לייענער דאָס געפיל, אַז ער לייענט די סאַמע נייעסטע פּאָעזיע.

„מאַנגער האָט גענומען דאָס יידישע פאָלקס־ליד, דעם אַלטן באַלאַדן־טאָן, די ראָמאַנטיק וואָס האָט שוין פון לאַנג אויסגע־הויכט איר אָטעם, און אין זיי אַריינגעשפּריצט די אייגנאַרטי־קייט פון אַ מענטש, וואָס האָט אַ סאָמנאַמבוליסטיש רעכט צו זינגען פון וואַנדלערישן שלאָף אַרויס. קיינער וואָלט מער נישט געוואָלט צו רייטן אויף דעם כּישוף־בעזעם פון די אַלטע לידער־עלעמענטן. מאַנגער האָט עס אָבער געטאָן. — — — זיינע נייע שלעכטע לידער, ווו ער קומט מיט זיין גרייטן און טרויעריקן באַגאַזש פון דעם צוגעגעסענעם פאָלקסטאָן, זיינען דער דורכפאַל פון אַן עלטערן דיכטער, וואָס וואָלט זיך אַליין געוואָלט באַפרייען פון דעם, אָבער אַזוי גיך ווי ער הייבט אָן זיין ערשטן גראַס, פליט ער גלייך אַריין אין די אָרעמס פון זיין באַליבטן לעזער.

„עס האָט עמעצער שוין לאַנג באַדאַרפט מיט געוואַלד ראַ־טעווען מאַנגערן פון זיין אייגענעם שפּילעוודיקן ליד, פון זיין

באַלאַדיסטישן טרויער, פֿון זיין פֿאָלקס-מאָטיוו מיט אַ באָרד, פֿון זיין אויבן-אויפֿיקן זינג, פֿון זיין איינזאַמער פּאָפּולאַריטעט. — — — מאַנגער מוז אויפֿהערן זיך אַליין איינשלעפֿערן מיט זיין אייגן ליד. ער מוז אַרויס אויף דער ניכטערער וואָר און ריידן מענטשלעכע רייד״ . . .

י. גלאַטשטיין מאַכט חוזק פֿון מאַנגערס חומש-לידער, „די צענדליקער איבערחזרונגען פֿון אַן איינגעשטעלטן נוסח מאַכן דעם איינדרוק פֿון וואָדעוויל״, זאָגט ער.

„מיין קריטיק ווידמע איך מאַנגערן מיט אַ סך ברידער־לעכער איבערגעבנקייט און באַזאָרגטקייט . . . — ראַטעווע זיך, מאַנגער. רייס אויף דיין אייגן ליד און ווער פּטור פֿון אַלץ מיט וואָס דו האָסט אָנגעהויבן. רעבעליר קעגן דיין לייענער, זוך זיך אָפּ אַ באַזונדערע, אַ פֿרעמדע איינזאַמקייט און פֿאַר־זינק אין איר מיט אַ ניי ליד, און מער פֿון אַלץ — הער אויף צו טריפֿן מיט גראַמען . . . הייב אָן אַריינקומען אין דער זאָגערישער שול.

„מאַנגער, שטיי אויף פֿון האַלב-וואַך און האַלב-דרימל און הייב אָן אַריינקומען אין דער זאָגערישער שול. דאָרט כאַפּט מען אויך אַמאָל אַריין זמרל, אָבער מע רעדט מיינסטנס ווערטער, ס'איז שווערער צו ריידן ווי צו זינגען מיטן געצי־קלטן געזאַנג פֿון דער גאָלדענער פּאַווע. — — — דו ביסט דאָך עפּעס אַ באַהעם, נעם די פּיס אויף די פּלייצעס און אַנט־לויף פֿון פֿאָלקסליד, פֿון באַלאַדע-טאָן, פֿון לייכטן חוזק, פֿון צוגעשניטענעם נוסח און פֿון דיין לייענער. אַנטלויף צוריק צום וואָרט, וואָס האַלט אָן די ווערדע פֿון פּראָזע אַפֿילו אין ליד״.



איציק מאַנגער איז געווען צופֿיל דיכטער ער זאָל פֿאָלגן די מענטאָרישע עצות פֿון י. גלאַטשטיין, זיינע כּלומרשט-ברי־דערלעכע קריטיש-ליטעראַרישע עצות. מאַנגער איז געבליבן געטריי צו זיין אייגענעם פּאָעטישן נוסח. אַפֿילו אונטער די באָמבאַרדירונגען אין לאָנדאָן, אַפֿילו אונטער די חורבות פֿון

פוילן, אַפילו אין זיינע ערגסטע טעג פֿון הונגער און איינ־זאַמקייט, האָט ער אין קיין איין ליד ניט געפעלשט זיין טיפע אמונה אין „וויזיע און מוזיק״. ער איז געבליבן געטריי זיין אידעאַל וועגן מוזיק און פּאָעזיע. ער האָט קיין מאָל ניט געזינדיקט מיט זאָגעכץ און מגידישער מוסר־זאָגעריי, מיט ביליקער „פּיסטאָמפּעלישקייט״. ער האָט זיך ניט געשטעלט אין פּאָזע פֿון אַ רעטער און ריטער פֿון יידישן פֿאָלק און יידישער שפּראַך, הגם ער איז געווען איר געקרוינטער מייס־טער. ער איז געבליבן געטריי זיין ליבשאַפט צום פֿאָלקס־מענטשן, צו די פֿאָלקישע און מענטשישע עמאָציעס, און ער האָט זיי געלאָזט קלינגען אין וואָרט און אין ריטעם. „זיין לייכטער פּערז, האָט געשריבן וועגן מאַנגערן א. סוצקעווער, מאַכט לייכטער דעם געמיט. ס׳איז ווי אַ קינד, וואָס וואַרפֿט מיט זיין שפּיגעלע אַ זון־פּלעק אויף אַ זקן. אָט דער זוניקער שמייכל, וואָס איז איינער פֿון די סודות פֿון זיין מיסטעריע־זער ליריק — און מאַנגער איז אויך ליריקער אין זיינע קלאַ־סישע באַלאַדן און חומש־לידער — אָט דאָס מאַכט אים אַזוי אייגנדיק און פֿאָלקיש נאָענט״. אַפילו אין זיין פּראָזע („נאָענטע געשטאַלטן״, **דאָס בוך פֿון גן־עדן**) איז מאַנגער שטענדיק דער ליריקער.

און דאָס איז דער סוד פֿון מאַנגערס טריומפֿאַלן גאַנג אין דער יידישער ליטעראַטור, ביזן ענד פֿון זיין לעבן. דאָס איז דער סוד פֿון זיין פּירסום און באַליבטקייט ביים גרויסן יידי־שן עולם. זיין גאַנצע ליטעראַרישע ירושה געהערט דעם פֿאָלק און וועט פֿון אים קיין מאָל ניט פֿאַרגעסן ווערן. זיין ליטע־ראַרישע ירושה נייטיקט זיך ניט אין בעלי־עצות, און זי איז דער עדות וועגן זיין גרויסקייט.

מאַנגער האָט זיך קיין מאָל ניט געיאָגט נאָך כבוד, דאָס פֿאָלק האָט אים אַליין צוגעטראָגן כבוד און פֿאַרערונג. ער האָט ניט באַלאַנגט צו קיין פּאַרטיי, צו קיין אנשי־שלומנו־חברותא. ער איז געווען „אַליינעניו״ אין דער ליטעראַטור, „אַליינעניו״ אין לעבן. זיין גרויסקייט איז זיין יחוס עצמו.

## לאָנדאָן און ניו־יאָרק — סאַראַ ביטערער קאָנטראַסט!

אין **לאָנדאָן** — אַ פֿריינדלעכע אַטמאָספֿערע, סיי אין די יידישע קרייזן, סיי אין דער ענגלישער ליטעראַרישער סביבה. די אויבן־דערמאָנטע אַרטור ווײַלי און דאָן דייווין האָבן גע־האַט צו „איציקן", ווי זיי האָבן אים גערופֿן, אַ וואַרעמע חבֿ־רישע באַציִונג. דאָן דייווין האָט גערעדט וועגן מאַנגערן ווי וועגן אַן אייגענעם ברודער. מאַרגאַרעט און איר ברודער האָבן אים פֿאַרגעטערט. דייווין איז געווען דער, וואָס האָט רעקאָמענדירט און צוגערעדט דעם ניו־יאָרקער פֿאַרלאַג „הילל און וועגנ", ער זאָל אַרויסגעבן אַן ענגלישע איבערזעצונג פֿון מאַנגערס „גן־עדן בוך", און אַזאַ בוך איז טאַקע דערשינען, שיין אילוסטרירט און אין אַ פֿיינער איבערזעצונג.

אַנדערש האָט עס אויסגעזען אין **ניו־יאָרק**. פֿײַנטלעכע, אין בעסטן פֿאַל גלייכגילטיקע באַציִונגען מצד די דעה־זאָגערס אין דער יידישער ליטעראַטור. זיי האָבן נישט געפֿונען אין זיך גענוג העכערקייט און יתרון צו פֿאַרקוקן מאַנגערס ספּאָנ־טאַנע הייסבלוטיקע ווערטער פֿון נערוועזער אויפֿרעגונג. זיי האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין איינזעעניש פֿאַר די נשמה־צאַפּ־לענישן פֿון קראַנקן און באַליידיקטן דיכטער.

דער גאַנצער פֿאַקטישער מאַטעריאַל, וואָס מיר האָבן גע־בראַכט אין איצטיקן קאַפּיטל, וואַרפֿט אַ העלע שיין אויף דער ניו־יאָרקער באַציִונג צום צושטאַנד פֿונעם צערייצטן טיגער, וואָס האָט אין אומרו זיך געוואָרפֿן פֿון איין ווינקל שטייג צום אַנדערן.

צי איז שיע טענענבוים, צי איז איציק גערעכט און באַ־רעכטיקט אין אַלע באַשולדיקונגען און באַליידיקונגען? צי זיינען זיינע ליטעראַרישע קאָלעגן אין ניו־יאָרק גערעכט אין זייער פֿאַרענטפֿערונג און האַלטונג לגבי דעם מענטש און פּאָעט איציק מאַנגער? דעם ענטפֿער אויף דער פֿראַגע גיט אונדזער באַשרייבונג פֿון מאַנגערס פּיינלעכן וועג אין די יאָרן 1951-1941, זיין זוכן אַ רואיקן האַפֿן און אַ היילונג פֿאַר די וווּנדן אין זיין האַרץ און נשמה.

דער אָביעקטיווער לייענער וועט שענקען פול מיטגעפיל און סימפּאַטיע — דעם דיכטער און מענטש איציק מאַנגער.

זיין ליד „איך אליין" פאַרענדיקט מאַנגער מיט שאַרפע ווערטער קעגן די „ניט־פאַרגינערס" —

**וואָס אַנשטאָט זיך צו פאַרמעסטן אין געיעג,**
**האָבן זיי אָפט געמאַכט שטרויכלען דעם רייטער אויפן פערד.**

אָבער וואָס ווייטער קומט צוריק זיין בארואיקונג און זיין גלייבן אין זיך, און ער פאַרגעסט צוביסלעך די עוולות פון די ניט־פאַרגינערס, און אין זיין ליד „אנאקרעאָן איז אָנגעבלאָזן אויף די פייגל" הערן מיר שוין מילדע, שיינע און גרויסמוטי־קע ווערטער:

**איך וויל זיי ניט שעלטן. כ'האַלט ניט פון קללות.**
**נאָר ברוגז בין איך און באַליידיקט ביז גאָר.**
**מיין קללה וועט האַלטן, דו מעגסט גלייבן דעם אַלטן,**
**איבער ווינטער ביז איבער אַ יאָר.**

# אין קאַנאַדע

סוף 1948 איז א. מאַנגער געווען עטלעכע וואָכן אין שווייץ אין אַ סאַנאַטאָריע. י. לעפּטוויטש, וועלכער איז געווען דער לאָנדאָנער רעפּרעזענטאַנט פון „אָזע" און „אָרט", האָט גע־מאַכט די געהעריקע ווענדונג צו „אָזע" אין זשענעווע, און „אָזע" האָט דורכגעפירט דאָס איינאָרדענען מאַנגערן אין אַ סאַנאַטאָריע. לעפּטוויטש האָט אויך געשריבן וועגן דעם צום שווייצאַרישן פּען־קלוב, — זיי האָבן אויפגענומען מאַנגערן און אַרויסגעוויזן אים געהעריקע אויפמערקזאַמקייט. מיר האָבן אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל ציטירט מאַנגערס בריוו צו טענענ־בוימען ווו ער שרייבט וועגן זיין געזונט־צושטאַנד און וועגן דער סאַנאַטאָריע.

א. מאַנגער הערט ניט אויף צו טראַכטן וועגן פאַרלאָזן לאָנדאָן און זיך אַריבערציען קיין ניו־יאָרק. דער אַדוואָקאַט אוקען האָט דורכגעפירט די פאָרמאַליטעטן פון ענגלישער בירגערשאַפט פאַר מאַנגערן, כדי ער זאָל קריגן אַ פּאַס אויף צו פאָרן קיין אַמעריקע. זיין וויזע איז געווען אַ ציטווייליקע, דערוויייל האָט ער געקענט פאָרן בלויז אין קאַנאַדע, מיט דער האָפענונג, אַז פון דאָרט וועט ער קענען זיך אַריבערכאַפּן קיין ניו־יאָרק.

מיט פרייד און האָפענונג האָט מאַנגער זיך געלאָזט אין זיין וועג קיין קאַנאַדע. די סביבה און די גייסטיקע אַטמאָס־פערע, וואָס ער האָט דאָ געטראָפן — האָבן אים דערמאָנט דאָס אַמאָליקע פּוילן. עס האָט זיך אים אויך איינגעגעבן צו פאַר־ברענגען אַ קורצע צייט אין ניו־יאָרק. דאָס אַלץ האָט אים שטאַרק דערמונטערט, הגם ער האָט ווייטער געבענקט נאָך

לאָנדאָן. אין מאָנטרעאַל איז געווען זיין אַלטער פריינד מלך ראַוויטש, דער פּאָעט י. י. סיגאַל, דער אַמאָליקער פירער פון דער „קולטור־ליגע" אין וואַרשע, — שלמה אַבראַמסאָן. די בריוו וואָס מאַנגער האָט געשריבן צו לאָנדאָנער פריינד פון מאָנטרעאַל און ניו־יאָרק, האָבן געאָטעמט מיט אַ נייער אָפּ־געפרישטער שטימונג. אין יוני 1969, נאָך מאַנגערס טויט, האָט מיכאל זילבערבערג פאַרעפנטלעכט אין „טאָג מאָרגן־זשורנאַל" פראַגמענטן פון עטלעכע דאַמאָלסטיקע מאַנגערס בריוו (צום באַדויערן אָן דאַטעס). זיי לייענען זיך אַזוי:

**ערשטער בריוו פון מאָנטרעאַל:** „מאָנטרעאַל איז אַ וואַ־רעמע יידישע שטאָט, ביבליאָטעקן, יידישע שולן און אַ ליב־שאַפט צו אַלץ וואָס איז יידיש. דער ישוב האָט מיך זייער וואַ־רעם אויפגענומען, קינד און קייט זינגען מיינע לידער, הקיצור — ס'איז נישט לאָנדאָן.

אין ניו־יאָרק גייט אָן אַ פּאָלעמיק וועגן די חומש־לידער אין ניו־יאָרק, פרעגט אָפּ דעם קינסטלערישן ווערט פון די חומש־לידער. צביון און ד"ר מאַקס ווײַנרייך שטעלן זיך אויף דער פּאָזיטיווער זייט".

**צווייטער בריוו פון מאָנטרעאַל.** „פאַראַן אַ גרויסער יידי־שער עולם, וואָס לעכצט נאָך אַ יידיש וואָרט, נאָר ער איז מיד פון דעם סוראָגאַט. ביי מיין ערשטן מאָל זיין אין ניו־יאָרק, האָב איך גערעדט פאַר פיר טויזנט מענטשן, און וואָס פאַרא באַגייסטערונג. איך האָב נאָך אַזוינס ניט געזען, אין פּוילן אַפי־לו פאַר דער מלחמה. איך קען איצט מיט דער האַנט אויפן הארצן זאָגן, אַז די ליטעראַטור־פּאָליטיק ביי אונדז דערהרג־עט די ליטעראַטור, דעמאָראַליזירט דעם לייענער און מאַכט פון אַלץ אַ תל. איך האָב געטראָפן אָבער אויך וווּנדערבאַרע מענטשן צווישן די שרייבער. אָט למשל מאַניע לייב, אַ פּאָעט פון גאָטס גענאָד, און אַ הערלעכער מענטש. יוסף ראָלניק, שוין אַריבער די 70, איין שווייגער צווישן אַזוי פיל ריידער, אָבער סאַראַ פּרעכטיקער פּאָעט.

אויסרעכענען אַלע, וואָס איך האָב באַגעגנט און וואָס זיינען מיר צום האַרצן, האָט נישט קיין שיעור.

אוודאי איז מיין אָרט אין אַמעריקע, אָבער איך בענק נאָך ענגלאַנד, נישט צום יידישן חלילה, נאָר דעם ענגלישן ענגלאַנד, וואָס האָט זיך מיר איינגעבאַקן אין האַרצן, מיט אַזוי פיל ליבשאַפט.

איך ווייס אַז פון איצט אָן און ווייטער, וועל איך שוין אַרומוואַנדערן דאָס ביסל יאָרן וואָס איז מיר נאָך באַשערט, אָבער אַלע מאָל וועל איך צוריקקומען קיין ענגלאַנד. מיר חלומט זיך נאָך אַלץ אַרויסצוגעבן אַן אַנטאָלאָגיע פון דער ענגלישער ליריק אין יידיש.

דאָ לאַכט מען אין די פויסטן פון . . . מען האָט טענות פאַרוואָס איך דערלאָז עס. גיי דערצייל, אַז איין משה עובד מיט געלט איז מעכטיקער ווי טויזנט מענטשן מיט קעפּ און אָן געלט. הכלל, איך האָב זיך פֿאַרפלאָפלט. אַל דאָס גוטס אייך. א. מאַנגער״.

**אַ בריוו פון ניו־יאָרק.** „ערשט צוריק געקומען פון קאַליפאָרניע, באַזוכט דעטראָיט און טשיקאַגאָ. ליידער מוז איך אַריין אין אַ סאַנאַטאָריע, ווער ווייסט אויף ווי לאַנג. מיינע לונגען האָבן זיך ערנסט צעשפּילט, און איך האָב געמוזט איבעררייסן מיין לעקציע־טור איבער אַמעריקע. איך האָף צו זיין אין אַפּריל אין לאָנדאָן.

מיינע איינדרוקן פון אַמעריקע זיינען וווּנדערבאַרע, ס׳איז אַ וווּנדערלעך לאַנד.

גריסט אַלעמען, פאַרשטייט זיך נישט משה עובד מיט זיינע . . . אַל דאָס גוטס א. מאַנגער״.

דער „קענעדער אָדלער״ האָט אויפגענומען דעם גאַסט מיט אַ ברייטן אויפריכטיקן ברוך הבא. אין זיין לייט־אַרטיקל „טאָג איין טאָג אויס״ שרייבט י. ר. (ראַבינאָוויטש) — דעם 16טן אַפּריל, 1951:

„איציק מאַנגער. דאַרף מען אים ערשט „אַדווערטייזן" ? ווי פאַר וועמען. פאַר די וואָס האָבן געלייענט זיין פּרעכטיקע ליריק אין פאַרשידענע אויסגעמייסטערטע פאָרמען, איז שוין דער נאָמען איציק מאַנגער אַליין כולל אַלע סופּערלאַטיוון, וואָס מיר שפּילען געווײנלעך צו צום נאָמען פון אַ שרייבער מיט גרויסן טאַלאַנט. אין זיין פאַל וועט קיין שום סופּערלאַ־טיוו נישט זיין איבערטריבן. — — — אין יידיש־לעבנדיקן, יידיש־ריידנדיקן און יידיש־טרוימענדיקן יידנטום פון פּוילן פאַרן חורבן, האָט איציק מאַנגער געהאַט זיין אָרט און אויך זיין דאַנקבאַרע אוידיטאָריע. די יידישע מאַסן אין פּוילן האָ־בן דערפילט אין אים זייער געניאַלן טרובאַדור, דעם יידישן מייסטער־זינגער פאַר עקסעלאַנץ, וואָס האָט זיך אין דער שפּעטער שעה פון פאַרן מבול, באַוויזן צו זיי מיט אַ געמיים־טערטער באַלאַדע, וואָס כאָטש איר לירישע געדאַנקלעכקייט איז טיף ווי דער ים, טראָגט זי פונדעסטוועגן מיט זיך אַלע זיבן חנען פון פאָלקסטימלעכער פשטות. — — —

זיינען געקומען ווילדע רוצחים און אומגעבראַכט מאַנגערס פאָלק, און ער אַליין, האָבנדיק ווי דורך אַ נס זיך געראַטעוועט פון די מערדערישע הענט צו די פריינדלעכע בריטישע אינ־זולען, האָט אין די דאָרטיקע יידן, ליידער, ווי ער זאָגט, געפונען אַ שבט אשר לא ידע את יוסף, ס'איז נאָר אַ גליק, וואָס אַ פריינדלעכע נישט־יידישע האַנט האָט זיך צו אים אויסגעשטרעקט אין זיין טראַגישן עלנט און אים צוזאַמענ־געפירט מיט דער פרעמדער אָבער זייער רייכער ענגלישער קולטור־וועלט. ער האָט זיך אויסגעלערנט גענוג ענגליש צו האַלטן פאָרטראַגן פאַר ליטעראַטור־סטודענטן אין אָקספאָרד און האָט אויך ווי אַ דאָרשטיקער געטרונקען פון די ניי־גע־עפנטע קוואַלן פון ענגלישער ליטעראַטור און קונסט. ס'האָט שוין איין מאָל געהאַלטן אַזוי ווייט, אַז מאַנגער האָט שוין שיר „אַריינגעשיקט אַ גט" דער יידישער ליטעראַטור, אָבער די יידישע ליטעראַטור האָט זיך בשום אופן נישט געוואָלט גטן מיט אים. זי קען אים שוין אויסגעבונדן מיט אַלע זיינע „שטו־קעס" און ווייס, אַז מיט אים דאַרף מען נאָר האָבן אַ ביסעלע געדולד און מע וועט זיך שוין ווי עס איז איבערבעטן און איינלעבן.

און כך הווה, אין דער רייכקייט פון דער (פאַר אים) פרעמ־דער וועלט האָט ער זיך מיט אַמאָל דערפילט אָרעם ווי די נאַכט, ווייל . . . ווי זינגט זיך דאָרטן אין פאָלקסליד: „וואָס טויג מיר דער שיינער וויינגאָרטן, אַז נעמען קענען מיר זיך נישט" . .. איציק מאַנגער וועט אָוועקגיין פון יידיש? ער מעג שוין בעסער פרוון אַוועקגיין פון זיך אַליין. קען ער עס?

דער פאַקט וואָס ער האָט איינגעלייגט וועלטן מ׳זאָל פאַר אים מעגלעך מאַכן קומען אַ קוק טאָן אויפן יידישן לעבן אין אַמעריקע — לאָז זיין דערווייל כאָטש אַ קוק טאָן — ענט־פערט שוין מיט קיילעכדיקן „ניין" אויף דער פראַגע, צי קען מאַנגער אַוועקגיין פון זיך אַליין . . .

און עס האָט זיך פונקט געמאַכט, אַז אונדזערע איז די ערשטע שטאָט, וווּ מאַנגער האָט געמאַכט זיין ערשטן אָפּ־שטעל אויף זיין איצטיקן באַזוך אין דער נייער וועלט. ווייל פריינד, אויף דער איניציאַטיווע פון דעם דיכטער מלך ראַ־וויטש, זיינען געווען די וואָס האָבן פאַר אים מעגלעך געמאַכט די נסיעה צו אונדזערע ברעגן, ווו עס געפינען זיך נאָך גענוג מענטשן וואָס וויסן פון יוספן און אויך פון איציקן, זיי וויסן אַפילו אַז ער, איציק מאַנגער, האָט מיט זיין נבואה־ליד „עקי־דת־איציק" שוין אין יאָר 1932 פאָרויסגעזען, אַז יצחק־איציק וועט מוזן אויף דאָס ניי גיין צו דער עקידה און אַז דאָס מאָל וועט שוין דער גוטער מלאך נישט קומען גענוג אין צייט אָפּצוהאַלטן דעם חלף פון שעכטן דעם קרבן. — — —

שלום לך, איציק מאַנגער! מיר וואָלטן אייך געגעבן דעם שליסל צו דער שטאָט ווען מיר זאָלן אים האָבן אין אונדזער באַזיץ. אָבער זייט וויסן, אַז איר זענט ביי אונדז סיי ווי אַ זייער חשובער און אָנגעלייגטער גאַסט".

אין אַ באַזונדערער נאָטיץ ווערט געמאָלדן: „היינט דער פייערלעכער קבלת־פנים לכבוד דעם דיכטער איציק מאַנגער. הונדערטער לייענער און פאַרערער פון באַליבטן דיכטער וואַרטן מיט אומגעדולד אויף דעם גרויסן ליטעראַרישן יום־טוב, וואָס די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק גרייט צו לכבוד דעם דיכטער צו זיין קומען קיין מאָנטרעאָל אויף אַ וויזיט. דער

פייערלעכער קבלת־פּנים וועט פאַרקומען אין זאַל פון נייעם ציוניסטישן אַרבעטער־צענטער, און וועט זיין די ערשטע עפנטלעכע אונטערנעמונג, אויף וועלכער דער חשובער פּאָעט איציק מאַנגער וועט אויפטרעטן מיט ליד און וואָרט. באַ־גריסן דעם ליבן גאַסט וועלן די אָנגעזעענע שרייבער־פּאָעטן י. י. סיגאַל און מלך ראַוויטש. דער פאָרזיצער פון אָוונט וועט זיין דער היגער קולטור־טוער שלמה אַבראַמסאָן".

זייער אינטערעסאַנט איז די מעלדונג פונעם מאַנגער־אויפנעם־קאָמיטעט: „הונדערטער ענטוזיאַסטן פון דער יידי־שער ליטעראַטור האָבן אויפגענומען מיט גרויס צופרידנקייט די ידיעה, אַז איציק מאַנגער קומט קיין קאַנאַדע אויף אַ לענ־גערן באַזוך. חוץ אַן אויסגעצייכנטער און אָריגינעלער דיכ־טער, איז אויך איציק מאַנגער אַ גלענצנדער און ביז גאָר אינטערעסאַנטער רעדנער אויף ליטעראַרישע טעמעס. כדי צו געבן אַ מעגלעכקייט, אַז מאַנגער זאָל געהערט ווערן אומעטום אין קאַנאַדע, האָט זיך דער קאָמיטעט, וואָס האָט אים פאַרבעטן, פאַרשטענדיקט מיט דעם דיכטער, און געבעטן ביי אים אַ רשימה פון די טעמעס אויף וועלכע ער קען האַלטן לעקציעס. אָט איז די רשימה: 1) דער יידישער פאָלקס־אַנעק־דאָט; 2)דאָס יידישע פאָלקסליד — אַן עסטעטישע אָפּשאַצונג; 3) פאָלקלאָר און ליטעראַטור; 4) יידיש — אַ שוואַנען־געזאַנג פון אַן אַלט פאָלק; 5) גויים און ייִדן, ייִדן און גויים אין די רעספּעקטיווע ליטעראַטורן; 6) אויטאָ־פּאָרטרעט — דאָס ווערן פון אַ יידישן פּאָעט; 7) פּאָעטן דורך די דורות, וואָס זענען מיר נאָענט, און פאַרוואָס; 8) יידיש טעאַטער אָדער דער גראָטעסקער סטיל ווערסוס דעם קלאַסישן סטיל פון אַנדערע פעלקער".

אין דעם דאָזיקן פּראָגראַמען־פּראָיעקט שפּיגלט זיך אָפּ דער גאַנצער א. מאַנגער. דאָס אַליין איז אַ שטיק אויטאָ־פּאָרטרעט. מיר זעען דאָ אַ סעריע פּראָבלעמען פון דער ייִדישער ליטעראַ־טור און פּאָעזיע, פון יידישן פאָלקלאָר און טעאַטער, וואָס באַשעפטיקן שטאַרק דעם דיכטער. ער האָט אַ סך צו זאָגן אי־בער די אַלע פּראָבלעמען, ער וויל זיך אויסרעדן דאָס האַרץ, איינשטעלן אַ נייעם קאָנטאַקט מיטן ייִדישן לייענער. דער

דיכטער האָט זיך אַליין אַנטפּלעקט אין אָט דעם רעפּעראַטן־פּראָגראַם. „יידיש — אַ שוואַנען־געזאַנג פון אַן אַלט פאָלק" — דאָס איז אַ גייע, דערמונטערנדיקע שטימונג בײַם דיכטער. מאַנגער איז אויפן וועג פון גייסטיקער רעהאַביליטאַציע, זיינע ווונדן גייען דורך אַ פּראָצעס פון היילונג, געזונטמאַכונג.

⁂

לאָמיר פאַרענדיקן דאָס קאַפּיטל מאָנטרעאַל מיטן דערציילן אַן עפּיזאָד, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אַטמאָספערע, וועלכע מאַנגער האָט געטראָפן אין קאַנאַדע.

אין מאָנטרעאָל האָט זיך מאַנגער געטראָפן מיט אהרן שוסטער, זיין אַלטן באַקאַנטן פון די יוגנט־יאָרן. אין אַ גרויסן אַרטיקל געדרוקט אין קענעדער אַדלער דעם 9טן מאַי 1969, שוין נאָך מאַנגערס טויט, דערציילט א. שוסטער אַ סך אינטערעסאַנטע זכרונות וועגן מאַנגערן בכלל און וועגן זיין פאַרברענגען אין קאַנאַדע (זומער 1951) בפרט:

„איציק מאַנגער, דערציילט א. שוסטער, איז געקומען קיין מאָנטרעאָל פון לאָנדאָן, ענגלאַנד . . . מאַנגער איז געווען אויסגעפּוצט אין זיינע בגדי דלות, אַלאַ מאַנגער. אין אַן אַלטן קאָסטיום פון מיתה־משונה־קאָלירן, שיך אויך פון זעלבן סאָרט, אויפן קאָפּ זיין באַרימטן קאַפּעליוש, וואָס איז אויף אים געזעסן ווי אַ פויגל אויפן קאָפּ. דער קאָפּ פאַרוואַקסן מיט געדיכט־געקרייזלטע האָר, וואָס האָבן עדות געזאָגט אַז זיי זיינען שוין לאַנג ביי קיין שערער ניט געווען. נאָכן ערשטן דורכשמועסן זיך וועגן געמיינשאַפטלעך אַלטע באַקאַנטע פון רומעניע און בעסאַראַביע, האָב איך אים פאַרבעטן אויפן באַרבער־בענקל און גענומען ברענגען זיין אויסערלעכן אויסזען אין אָרדענונג. — — —

„דעם זעלבן טאָג איז מאַנגער אויך געווען מיין גאַסט צו מיטאָג. געגאַנגען עסן זיינען מיר אין אַ רעסטאָראַן. צו מאַנגערס גליק האָבן מיר אין רעסטאָראַן געטראָפן זיך מיט אַ יידן אַ מוקיר תלמידי חכמים, אַ יידישן קולטור־מענטש...

האָבן מיר זיך שוין געזעצט עסן אַלע דריי ביי איין טיש, אַ מין שלשה שאכלו במזומן... נאָך מיטאָג האָט דער קולטור־עסקן פאַרבעטן מאַנגערן צו זיך אין אָפּיס אַריין. ווען ער האָט מאַנגערן אין אַ פּאָר שעה אַרום צוריקגעבראַכט צו מיר אין פּלאַץ, איז מאַנגערן נישט געווען צו דערקענען. א. מאַנ־גער איז געווען אויסגעפּוצט אין נייע מלבושים און נייע שיך, אַ נייער קאַפּעליוש, ווי מען זאָגט — פון קאָפּ ביז די פיס".

⁂

ווי געזאָגט, איז מאַנגער דערווײַלע וואָס געווען אַ קורצע צייט אין ניו־יאָרק. דאָס איז געשען אַדאַנק די באַמיִונגען פון „יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד", וועלכער האָט אויסגעאַרבעט פאַר מאַנגערן אַ צייטווײַליקע אַריינקום־וויזע קיין ניו־יאָרק. די וויזע איז געווען גילטיק אויף דריי חדשים. סוף אַפּריל 1951 קומט פאָר אַן אויפנאַמע פאַר מאַנגערן אין רוזוועלט־אוידיטאָריע, ניו־יאָרק. אַ גרויסער עולם איז געקו־מען באַגריסן דעם דיכטער. רעדעס האָבן געהאַלטן ד"ר שאַצ־קי, י. גלאַטשטיין, לואי סיגאַל א"אַ. במשך די פאָר וואָכן האָט מאַנגער באַוויזן צו האַלטן עטלעכע רעפעראַטן, אָרגאַניזירט דורכן פאַרבאַנד. ווען די וויזע האָט זיך געענדיקט, איז מאַנ־גער, אַן אויפגעלעבטער, אויך פיזיש געשטאַרקטער, צוריק געקומען קיין מאָנטרעאַל.

# אין ניו-יאָרק

נ. כאַנין האָט אונטערגענומען אַן אַקציע אין ניו-יאָרקער „אַרבעטער-קאָמיטעט” און אין קאַנאַדער „אַרבעטער-קאָמיטעט”, און נאָך צענדליקער פּערזענלעכע אינטערווענצן, האָט זיך אים איינגעגעבן צו באַקומען אַ שטענדיקע וויזע פאַר מאַנגערן.

מאַנגער איז געקומען קיין ניו-יאָרק. די באַגעגעניש פון דער ליטעראַרישער משפחה מיט מאַנגערן איז געווען אימפּאָזאַנט. עס איז געשאַפן געוואָרן אַן אויפנעם-קאָמיטעט. י. גלאַטשטיין א״אַ האָבן געשריבן ברוך-הבא-אַרטיקלען. מ׳האָט איינגעאָרדנט באַנקעטן און געהאַלטן רעדעס. אין אַ בריוו צו י. לעפּטעוויטש שרייבט מאַנגער: „די אַלע צרות, וואָס איך בין אויסגעשטאַנען האָבן זיך אָפּגערופן אויף מיין געזונט און אויף מיין צוגאַנג צו מענטש. נאָר לאָמיר האָפן, אַז איצט וועט עס דורכגיין בשלום. זינט פּוילן האָב איך ניט באַגעגנט אַזאַ ליבשאַפט. טויזנטער און טויזנטער יידן קומען הערן מיינע רעפעראַטן און פאָרלעזונגען. די יידישע שרייבערס האָבן אַ וווּנדערלעכע באַציאונג. מיט לייוויק, אָפּאַטאָשו, לעיעלעס טרעף איך זיך. און מיט מאַני לייב. סאַראַ וווּנדערלעכער מענטש! איך האָב אים זייער ליב באַקומען, ווי אַן אייגענעם ברודער. כ׳האָב אויך זיך זייער באַפריינדעט מיט מ. נאַדירס אלמנה (וואָס איז שפּעטער געוואָרן מאַנגערס פרוי—ח.ש.ק.). ווען קומט איר קיין אַמעריקע? שרייבט מיר אָן” (פאַרעפנטלעכט נאָך מאַנגערס טויט אין דער צייטונג **דאָס פרייע וואָרט**, מאַרץ 1969).

אַ צווייטן בריוו ציטירט לעפּטוויטש אין זיין אויבן־דער־מאָנטן ענגלישן אַרטיקל „איציק מאַנגער אין לאָנדאָן”.ביידע בריוו האָבן נישט צום באַדויערן קיין דאַטעס. מאַנגער שרייבט: „מיין פאַרברענגען אין אַמעריקע זעט אויס ווי אַ יום־טוב. ווען איך וואָלט געקומען אַהער מיט 20 יאָר פריער... אַזוי פיל ווי ניין טויזנט מענטשן זיינען געקומען הערן מיך אין ניו־יאָרק. און דריי אָדער פיר טויזנט אין פילאַדעלפיע און לאָס אַנדזשעלעס. אָבער מיין געזונט האָט זיך איינגעבראָכן, דער רעזולטאַט פון מיינע יאָרן פון נויט און מאַטערן זיך אין ענגלאַנד. אָבער איך וועל קומען צוריק קיין לאָנדאָן, איידער איך וועל פאָרן קיין ישראל. אַמעריקע איז אַ נייע, דינאַמישע וועלט. אָבער איך האָב אַלץ ווייטער ליב דאָס אַלטע, פעסט־איינגעוואָרצלטע ענגלאַנד, זיין פאָלק און קולטור” (דאָס איז ניט דער אָריגינאַל פון מאַנגערן, עס איז לעפּטוויטשעס ענגליש און מיין איבערזעצונג צוריק אויף יידיש — ח. ש. ק.).

אין פאָריקן קאַפּיטל האָב איך ציטירט בריוו וואָס מאַנגער האָט געשריבן צו לאָנדאָנער פריינד וועגן זיין באַזוך אין קאַליפאָרניע, דעטראָיט, שיקאַגאָ. זיינע איינדרוקן פון אַמעריקע זיינען געווען ענטוזיאַסטיש.

ווען די יום־טוב־טעג אין ניו־יאָרק זיינען אַריבער, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אַלטע מאַטערניש. אין אַ בריוו געשריבן אין גאַנצן אויף ענגליש, שרייבט מאַנגער צו לעפּטוויטשן (סוף 1952): „איך מוז זיך שאַפן אַ ביסל געלט, נישט קיין סך נאָר צו קענען זיך היילן פון מיין קרענק, איך מוז זיך איינשאַפן אַ ביסל געלט, געננוג, אַז איך זאָל קענען לעבן. איך ווער עלטער, איך בין שוין באַלד 52. — — — איך טראַכט אַז מיין קבר דאַרף זיין אין ענגלאַנד, אין דער געבענטשטער ערד, וואָס איך האָב געפונען צו שפּעט. אָבער איך האָב דאָס לאַנד ליב מיט דער ליידנשאַפט פון אַן אַלטן ליבהאָבער”.

א. מאַנגער זוכט פאַר זיך אַ שטענדיקע טריבונע, און דאָס זאָל אויך זיין פאַר אים אַ מער־ווייניקער געזיכערטע און שטענדיקע איינקונפט אין זיין אָרעמען בודזשעט. אַ קורצע צייט אַרבעט ער אין טאָג מאָרגנזשורנאַל.

אין די קרייזן פון „אַרבעטער-רינג" און פון „סאָציאַליסטי-שן פאַרבאַנד" געפינט ער אַן אָנהאַלט און אַ וואַרעמע באַ-ציאונג. אַזוי למשל, מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, האָט דער ביל-דונגס-קאָמיטעט פון אַרבעטער-רינג אַראַנזשירט פאַר מאַנ-גערן אַ לעקציע-טור אויף די חדשים יאַנואַר, פעברואַר און מאַרץ 1956, אין 15 שטעט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אין דער מעלדונג וועגן דאָזיקן טור זיינען אויך אָנגעגעבן די טע-מעס פון מאַנגערס רעפעראַטן. די טעמעס זיינען: 1) די הער-שעלע אָסטראָפּאָלער לעגענדע (סאָציאַלע און דראַמאַטישע מאָטיוון אין יידישן הומאָר); 2) די כעלמער לעגענדע (גראָ-טעסקע און פילאָזאָפישע מאָמענטן אין יידישן פאָלקלאָר); 3) פון גאָלדפאַדען ביז גאָלפאַדען (וועגן יידישן טעאַטער, טע-אַטער-סטיל און דערגרייכונג); 4) די באַלאַדע — די וויזיע פון בלוט (די באַלאַדע ביי יידן און ביי אַנדערע פעלקער); 5) אויף אַ קליינער אָרעמער פידל האָב איך אויסגעשפּילט אַ וועלט (וועגן אַברהם רייזענס גאַנג אין דער יידישער ליטעראַטור); 6) דער פּאָעט און דאָס ליד (וועגן מאַניע לייב און די יונגע); 7) פּרצעס אויגן (פּרץ דער וויזיאָנער); 8) נאָר איין מאָל שלום עליכם (דאָס אוניווערסאַלע ביי שלום עליכם); 9) דער הילפ-לאָזער בונטאַר (דאָס ליריש-גראָטעסקע און סאָציאַלע ביי משה לייב האַלפּערן). — אויך די דאָזיקע סעריע רעפעראַטן איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר מאַנגערן בכלל און פאַר זיין דע-מאָלסטיקן גייסטיקן צושטאַנד.

א. מאַנגער ווערט אויך אַ מיטאַרבעטער פונעם זשורנאַל פון דעם סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, דער וועקער, וואָס זיין רעדאַקטאָר איז געווען י. לעווין-שאַצקעס. אין נומער פון ערשטן מאַרץ 1955 לייענען מיר די דאָזיקע נאָטיץ פון דער רעדאַקציע: „מיר זיינען צופרידן מיטצוטיילן אונדזערע לייע-נער, אַז אָנהייבנדיק פון דעם נומער וועלן אין אונדזער וועקער ווערן פעריאָדיש געדרוקט אַרטיקלען פון באַרימטן יידישן פּאָעט און שריפטשטעלער איציק מאַנגער — איבער ליטעראַ-רישע שאַפונגען". און שוין אין זעלבן נומער לייענען מיר אַ רעצענזיע פון מאַנגערן איבערן בוך פון יעקב פּאַט „שמועסן מיט יידישע שרייבער". אינטערעסאַנטע באַמערקונגען לייע-

נען מיר דאָ וועגן יעקב גלאַטשטיין און זיין אינטערוויו מיט י. פּאַטן:

„אַלץ דינג וואָס דער דאָזיקער באַגאַבטער פּאָעט שרייבט און דערציילט, הערט זיך מיט אינטערעס . . . צווישן די אַלע אינטערעסאַנטע זאַכן וואָס ער דערציילט, „פּאַלעמיזירט" ער מיט עמעצן. אַזש צוויי מאָל דערמאָנט ער אין זיין אינטערוויו, אַז „פּאָעזיע איז נישט קיין פּאָעטיש בהמהלע, וואָס מעקעט צו דער לבנה". איז מיר אַ שאָד די האַמלעט-פּאָזע מיט וועל־כער יעקב גלאַטשטיין יינגלט זיך און איך וויל אים קאָרע־גירן כדי נישט קאַליע צו מאַכן זיין אינטערעסאַנטן שמועס.

„אויב אַן אמתער פּאָעט וועט זיך צורירן צום בהמהלע, וואָס מעקעט צו דער לבנה, וועט ער דערשפּירן דעם גאַנצן שטומען ווייטיק פון דער קרעאַטור אָן לשון, וואָס טענהט צו אַ קאַלטן נישט-פילנדיקן ליכט, און ס'וועט ווערן נישט נאָר פּאָעזיע, נאָר גרויסע פּאָעזיע. און פאַרקערט, אויב אַ באַראַבאַנשטשיק וועט זיך צורירן צו אים אַליין, דעם בראַצ־לעווער מיין איך, וועט מער ווי פּוסטע רעטאָריק נישט אַרויס־קומען".

דאָ האָבן מיר אַ קורצע שאַרפע און גייסטרייכע אַנטקעגנ־שטעלונג פון די שעפערישע מעטאָדן פון די צוויי דיכטער — איינער דער „זינגער", דער צווייטער — „דער זאָגער". מיר האָבן שוין די דאָזיקע טעמע באַהאַנדלט גענויער אין אַ פּאַ־ריקן קאַפּיטל.

דעם 28טן מאַי 1961 איז איציק מאַנגער אַלט געוואָרן 60 יאָר.

אין דעם וועקער פון ערשטן מאַי 1961 איז אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל פון אַברהם שולמאַן וועגן דעם דיכטער, און אויך די ווייטערדיקע באַגריסונג צו איציק מאַנגער אין נאָמען פון דער רעדאַקציע: „דער וועקער איז שטאָלץ מיט דער פּריי־ווילעגיע צו האָבן איציק מאַנגער אַלס שטענדיקן מיטאַרבע־טער און צו טיילן מיט די וועקער־לייענער דעם הויכן געניוס פון מאַנגערס פּרעכטיקע שאַפונגען. די רעדאַקציע פון וועקער

באַגריסט האַרציק דעם גרויסן יידישן פּאָעט צו זיין 60סטן געבוירן־טאָג און ווינטשט אים — אין נאָמען פון דער יידישער סאָציאַליסטישער משפּחה, וואָס שאַצט אַזוי אָפּ מאַנגערס שאַפונגען — נאָך צענדליקער יאָרן פון געזונט און שאַפנדיקן לעבן".

נאָך מיט עטלעכע יאָר פאַר דעם האָט דער „איציק מאַנגער יובל־קאָמיטעט" אַרויסגעגעבן דעם גרויסן באַנד „איציק מאַנגער — ליד און באַלאַדע" (1952, קאַרגע 500 זז'). דאָס איז געווען פאַר מאַנגערן אַ גרויסע פרייד און באַפרידיקונג. אין זיין נאָכוואָרט ביים סוף פון בוך שרייבט א. מאַנגער: „אַ דאַנק דעם אַלגעמיינעם איציק מאַנגער־יובל־קאָמיטעט. אַ פּערזענלעכן דאַנק צו מיינע פריינד, דעם פּאָעט מאַני לייב, די שריפטשטעלער נ. ב. לינדער און יצחק האָראָוויטץ, דעם דיכטער נחום באָמזע, דעם שריפטשטעלער יעקב פּאַט, דעם פריינד יוסף קאַטשער, און אַלע די, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן אַז דאָס בוך זאָל דערשיינען. אַ באַזונדערן דאַנק דעם פריינד מאָרים קאַפּלאַן פון לייקוווד, פאַר זיין באַדייטנדע ביישטייערונג, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט דאָס דערשיינען פון דעם בוך. אַ האַרציקן דאַנק פריינד ישראל לאָנדאָן פאַר זיין מי, דאָס בוך זאָל אויסזען וואָס שענער".

אין אַ בריוו, סוף 1952 שרייבט מאַנגער צו לעפּטעוויטשן וועגן דעם דערשיינען פון זיין בוך: „דאָס בוך וועט זיין דאָס שענסטע וואָס איז ווען אַרויס אויף יידיש . . . איין ייד וואָס איז געקומען צו מיינעם אַ רעפעראַט האָט געגעבן 2 טויזנט דאָלאַר פאַרן בוך און ער איז שטאָלץ דערמיט. איך האָב אַ סך כבוד, מ'איבערזעצט מיך, אָבער קיין פעני פאַר מיר צו לעבן קריג איך דערפון ניט. פאַרשטייען די מענטשן נישט אַז אַ פּאָעט איז נישט קיין מלאך ? אַז איך דאַרף אויך האָבן צו לעבן".

דאָס גרויסע בוך איז אַן אָפּקלייב פון מאַנגערס לידער און באַלאַדעס געשריבן אין די יאָרן 1920-1950. דאָס בוך איז סיי לויטן אינהאַלט, סיי לויט דער אויסערלעכקייט געוואָרן אַ צירונג אין דער יידישער ליטעראַטור. צענדליקער אַרטיקלען

זיינען געשריבן געוואָרן צום דערשיינען פון בוך. דאָס בוך האָט באַקומען די לואיס לאַמעד־פּרעמיע. דער שרייבער פון די שורות האָט אין בונדישן זשורנאַל „אונזער צייט" פאַר־עפנטלעכט אין 1952 זיין ערשטע גרויסע אָפּהאַנדלונג וועגן מאַנגערן. אין די וויטערדיקע יאָרן האָב איך פאַרגעזעצט מיינע עסייען וועגן מאַנגערן, און דאָס האָט געבראַכט אין 1968 צו דער אומפאַסנדיק־סומאַרער אַרבעט „איציק מאַנגער" (אַרויסגעגעבן דורכן „ציקאָ"־פאַרלאַג).

אין ניו־יאָרק איז ווי שוין דערמאָנט, אַ לענגערע צייט אָנגעגאַנגען אַ גרויסער וויכוח וועגן מאַנגערס **חומש־לידער**. מיט טענות קעגן בוך איז אַרויסגעטראָטן אַברהם מענעס. פאַרטיידיקט די חומש־לידער האָבן ב. צביון, ד"ר מ. וויינרייך און ש. ניגער. „אויך די אגדתא, האָט דער לעצטער געשריבן, האָט דעם חומש פאַרהיינטיקט אויף איר שטייגער, דער צאינה וראינה — אויף זיין שטייגער, און מדרש איציק (זאָגט אויב איר ווילט להבדיל) — אויף זיין שטייגער".

⁂

אין נויט און איינזאַמקייט איז געפלאָסן דאָס לעבן פון א. מאַנגער אין וויטן ווינקל פון ניו־יאָרק סי געיט, ביים ים. אָבער ס'האָבן דאָ נישט געפעלט קיין פריינד און פאַרערער וואָס האָבן געהאַט גרויס דרך ארץ און ליבשאַפט צום דיכ־טער, און זיי האָבן געשאַפן פאַר אים אַ סך ליכטיקע מאָמענטן אין די 1960-1950 יאָרן. זיי צו פאַרדאַנקען איז אין 1961 אַרויס דער גרויסער באַנד „נאָענטע געשטאַלטן און אַנדערע שריפטן", געדרוקט ביי די ברידער שולזינגער, 500 זז'. אין זיין „נאָכוואָרט" אין בוך דריקט מאַנגער אויס אַ דאַנק דעם פאָרזיצער פון דעם יובל־קאָמיטעט ד"ר שמואל מאַרגאָשעס, „וואָס האָט באמת מעגלעך געמאַכט דאָס דערשיינען פונעם בוך". „איך וויל אויך דאַנקען דעם ענגערן קאָמיטעט, דעם פּאָעט ל. פיינבערג, דעם פריינד איזידאָר גלאַובערמאַן, א. אַלפּערין און אַלע די וואָס האָבן געהאָלפן צום דערשיינען פון דעם בוך". צווישן די אַלע ווערן אָנגערופן די נעמען פון ש. באַנטשעק, ניו־יאָרק, און פון ליזאַ און ווילי שאַר און מ.

קאַפּלאַן אין לאָס אַנדזשעלעס. אין יוני 1961 אָרדנט איין דער קאָמיטעט אַ גרויסן פייערלעכן באַנקעט אין סטאַטלער האָטעל, ד״ר שלמה ביקל האָט געהאַלטן די פעסט־רעדע און באַגריסט דעם דיכטער אין נאָמען פון אַ צאָל אינסטיטוציעס און פערזענלעכקייטן. מאַנגער האָט אויף דעם באַנקעט געהאַלטן אַ גרויסאַרטיקן רעפעראַט וועגן זיין גאַנג אין דער יידישער ליטעראַטור.

צווישן אַנדערן האָט איציק מאַנגער אין זיין באַנקעט־רעדע געזאָגט:

„די יידישע שפּראַך איז געוואָרן אַ וויכטיקער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער פאַקטאָר. אין יידיש האָט אויפגעוואַקסט דאָס נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע געוויסן. אין דעם זין קען מען פאַרגלייכן די פונקציע פון דער יידישער שפּראַך מיט דער פונקציע פונעם תנ״כישן העברעאיש.

„אין יידיש האָט נאָך אַ יידישע מאַמע „געמוסרט״ איר קינד. אַ יידיש יינגעלע אין וואַרשע האָט זיך געשפּילט אויף דער גאַס. צוויי יונגע דייטשע זעלנערס האָבן זיך איזדיעקעוועט איבערן יידישן קינד, חוזק געמאַכט פון אים, עס געשלאָגן. די מאַמע וואָס האָט זיך צוגעקוקט צו דעם סאַדיסטישן „שפּיל״ מיט איר קינד, איז מיטאַמאָל אַרויסגעלאָפן פונעם טויער. זי האָט אויפגעהויבן דאָס צעשלאָגענע קינד. זי האָט אים צוריק אָנגעטאָן דאָס היטעלע וואָס האָט זיך געוואַלגערט אויף דער גאַס, און זי האָט געזאָגט צום קינד, נישט צו די צוויי מונדירטע דייטשן:

— **גאַי אַראַן**, שפּיל זיך אין הויף און זאַ אַ מענטש.

„די סצענע האָט זיך אָפּגעשפּילט נאָך איידער מען האָט אויפגעשטעלט דאָס געטאָ אין וואַרשע. דעם עפּיזאָד האָט מיר דערציילט דער קדוש אַרטור זיגעלבוים, וואָס האָט דאָס געזען מיט די אייגענע אויגן.

„קיין שום פאָלק, וואָס האָט געלעבט אויף דעם פינצטער־סטן קאָנטינענט פון אַלע קאָנטינענטן, האָט אַזוי שאַרף אָקצענטירט דעם „זיי אַ מענטש״ ווי דאָס יידישע פאָלק — סיי

אין טאָג־טעגלעכן לעבן, סיי אין זיין פאָלקלאָר און סיי אין זיין ליטעראַטור.

„זיי אַ ייד”; „זיי אַ מענטש”; „זיי אַ יידישער מענטש”; „זיי אַ מענטשלעכער ייד” — ווי שיין די ווערטער קלינגען אין מאַמע־לשון. מען קען זיי דרייסט שטעלן ווי אַ מאָטאָ איבער אונדזער גאַנצן שיינעם דערמאָרדעטן יידישן פאָלקס־לעבן אין אייראָפּע און איבער אונדזער גאַנצער שיינער און טראַגישער ליטעראַטור”.

⁂

אין 1964 האָט מען מאַנגערן געגעבן דעם גרויסן לייוויק־פּרייז. אויף דער זשורי־פאַרזאַמלונג, וואָס האָט דאָס באַשלאָסן, אָרגאַניזירט דורך דעם יידישן אַלוועלטלעכן קולטור־קאָנגרעס, איז געווען אַ סך פריינד און פאַרערער פון מאַנגערן, אָבער עס האָבן זיך געלאָזט הערן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פּרעמיע אויך אַנטי־מאַנגער־שטימונגען, און איינער פון זיי האָט זיך שפּעטער דערלויבט צו שרייבן גראָב־יונגערישע ווערטער אין זיין קאָלום . . .

גלייכצייטיק האָט מאַנגער געהאַט אין יענע ניו־יאָרקער יאָרן אויך פריידיקע איבערלעבונגען. די „אַמעריקן פּאָעטרי סאָסייעטי”, וואָס איר פּרעזידענט איז געווען דער באַרימטער ענגלישער פּאָעט ראָבערט פּראָסט, האָט איינגעלאַדן מאַנגערן ער זאָל אויף זייער יערלעכן באַנקעט אָנטיילנעמען און פאָרלייענען זיינע לידער. די „יונעסקאָ” האָט אין איר „אַנטאָלאָגיע פון וועלט־פּאָעזיע” וואָס דערשיינט יעדע צוויי יאָר, אריינגענומען א. מאַנגערס לידער. אין דעם פינפטן באַנד פון איר אויסגאַבע געפינען זיך מאַנגערס לידער אין פראַנצויזישער איבערזעצונג, באַגלייט מיט אַן אָפּהאַנדלונג וועגן זיין פּאָעטישער שאַפונג. בכלל האָבן זיך צו יענער צייט געדרוקט אין פאַרשיידענע זשורנאַלן (ענגליש, פראַנצויזיש, דייטש, פּויליש א"א) *) איבערזעצונגען פון מאַנגערס לידער. עס דאַרף

---

*) אויף העברעיש איז אַרויס: **דמויות קרובות** (נאָענטע געשטאַלטן) איבערזעצט — א. שלונסקי; **משירי המגילה** (די מגילה־לידער), איבערזעצט — א. אמיתי.

אויך דערמאָנט ווערן די גרויסע אָפּהאַנדלונג פֿון י. לעפּטוויטש וועגן מאַנגערן — אין דעם ניו־יאָרקער זשורנאַל „מענאָראַה", אין 1952. דאָ איז אויך אָפּגעדרוקט אַ צאָל זיינע איבערזעצונגען פֿון מאַנגערס לידער.

אין 1967 דערשיינט ווידער אין ניו־יאָרק אין י. לאָנדאָן־פאַרלאַג די זאַמלונג לידער אונטערן נאָמען „שטערן אין שטויב". אין זיין פאָרוואָרט צום בוך ברענגט אַרויס מאַנגער זיינע געפילן פון אַנטווישונג. מיר לייענען דאָ: „דאָס איצטיקע בוך הייסט „שטערן אין שטויב" פּשוט דערפאַר ווייל די שטערן וואָס האָבן אַמאָל געפינקלט אויפן דאַך, וואַלגערן זיך איצט אין שטויב. די לעצטע שפּאַצירער אויפן שטויביקן שליאַך שטעלן זיך אַפילו נישט אָפּ — אָדער זיי פאַרשטייען נישט דאָס לשון, אָדער זיי האָבן בילכערע געשעפטן...

„דער פּעריאָד פֿון מיין זיין אין אַמעריקע איז געוואָרן דער סטערילסטער פּעריאָד אין מיין לעבן, — פֿון איין זייט אַ דערמאָרדעטע שפּראַך, אָן איינגעשרומפּענע לשון־טעריטאָריע, ווו מען טרעט זיך ממש אויף די פינגער־אויגן מחמת ענגשאַפט.

„אַ גראַטעסק פאַרבייטן פון די יוצרות „ווער איז ווער". „שייסטערס" און ראַבאַים סקריפּען מיט געגנדזענע פֿעדערס אין די „פּעיפּערס". די מוזעס טראָגן הוילע יאַרמלקעס אָן קעפּ. צו וואָס דאַרפֿן זיי עס צו אלדי גוטע יאָר ?

„דאָס בוך „שטערן אין שטויב" דערשיינט, ווייל אַזוי האָט זיך איינגעקשעקשנט אַ ייד פון לאָס אַנדזשעלעס מיטן נאָמען ווילי שאַר. אַ האַרציקן דאַנק אָט דעם איידעלן עקשן.

„סיי ווי סיי פיל איך ווי די שאָטנס ווערן לענגער. ס'ווערט אוונט. ס'ווערט נאַכט. אַ גוטע נאַכט, רבותי".

דאָס איז איציק מאַנגערס פאָרגעפיל. די סכנהסדיקע קראַנקייט קומט אין גיכן נאָך דעם, און אין קאָרגע צוויי יאָר אַרום — דער טויט פונעם דיכטער.

די ציטירטע ווערטער — דאָס איז זיין געזעגענונג מיט דער יידישער ליטעראַטור, מיט דער יידישער וועלט, מיט זיינע פריינד און פאַרערער אין ניו־יאָרק.

ח. ש. קאַזדאַן

# „פֿעלקער זינגען"

יאָרן־לאַנג האָט זיך מאַנגער אַרומגעטראָגן מיטן פּלאַן פֿון אַ גרויסער אַנטאָלאָגיע „פֿעלקער זינגען" — אַ זאַמלונג פֿון פֿאָלקס־לידער פֿון פֿאַרשיידענע פֿעלקער, אין זיין איבערזעצונג אָדער איבערדיכטונג. דער דאָזיקער פּלאַן איז נאָר טיילווייז פֿאַרווירקלעכט געוואָרן: אין דעם בוך „שטערן און שטויב" איז דאָ אַן אָפּטיילונג טאַקע אונטערן נאָמען „פֿעלקער זינגען" וואָס פֿאַרנעמט קאַרגע 100 זז׳: פֿאָלקסלידער — אוקראַינישע, אונגאַרישע, בולגאַרישע, ליטווישע, פֿראַנצויזישע, רומענישע, סערבישע, פּוילישע, ציגיינערישע, נעגערישע, אינדיאַנישע, יאַפּאַנישע. אַ פּרעכטיקע קאָלעקציע פֿון 56 פֿאָלקס־לידער, געזאַמלט דורך איינעם, וואָס איז אַליין דער סימבאָל און מוסטער פֿון יידישן פֿאָלקס־ליד, פֿון איינעם וואָס זאָגט וועגן זיך: „וואָס מער איך פֿאַרטיף זיך אין דעם זין און דעם וועזן פֿון דער דיכטונג, אַלץ בולטער ווערט פֿאַר מיר די באַדייטונג און די סוגעסטיווע שיינקייט פֿונעם פֿאָלקסליד". און ווייטער דערקלערט ער אין זיין פֿאָרוואָרט צו דער זאַמלונג „פֿעלקער זינגען": „מיין צוגאַנג צו די „פֿעלקער זינגען" איז ניט געווען קיין פֿאָלקלאָריסטישער נאָר אַן עסטעטישער. דערפֿאַר האָב איך, מיר דערלויבט אַ סך פֿרייקייטן — נישט איבערזעצט, נאָר איבערגעפֿאָרמט, איבערגעדיכטעט".

אויסערגעוויינלעכער חן, צניעותדיקע שיינקייט און דים־קרעטקייט איז אויסגעגאָסן איבער די אַלע פֿאָלקס־לידער. מאַנגער האָט אין זיי אויסגעכישופֿט די ליבע־געפֿילן פֿון דער יונגער פֿאָלקס־טאָכטער, איר פּרימיטיוון הומאָר און קאָקעטעריי, איר זעלבסטבאַוווסטזיין פֿון איר בליענדיקער שיינקייט און פֿרישקייט, אירע באַהאַלטענע חלומות און אָפֿנהאַרציקע גלוסטונגען. דער יונגער בחור וואָס האָט זי ליב, רעדט וועגן איר ניט אַנדערש ווי:

נישט קיין ווייב האָט דיך געבוירן,
נאָר די רויז אַליין:
אין מיין חלום ביסטו, מיידל
שענער נאָך פֿון שיין.

דער מיידלס געטרייסטער פריינד, וואָס ווייסט אַלע אירע סודות, איז דער נאַכטיגאַל און אויך דער ווינט. זי פאַרטרויט פאַר זיי איר שיינעם חלום וועגן „דריי בחורים יונגע, שיינע":

האָט דער ערשטער מיר געגעבן
אַ טיכל ווי דער הימל בלאָ.
און דער צווייטער האָט געשענקט מיר
זיבן טאַלער — סאַמע גאָלד.
און דער דריטער, און דער דריטער
האָט געזאָגט ער האָט מיך האָלט.

איר לייענט די לידער און איר קוויקט זיך — סאַראַ זיל־בערנער ריטם, סאַראַ קלינגענדיקע שורות. איר הערט ממש אין אייערע אויערן ווי אַזוי די דאָזיקע לידער פון פרעמדע אומבאַקאַנטע פֿעלקער ווערן געזונגען, זייערע מעלאָדיעס קלינ־גען אייך אין די אויערן און זיי קלינגען אָפּ אין אייער האַרצן מיט אַ שיינעם עכאָ. די נשמה פונעם פאָלקס־מיידל איז לויטער און קרישטאָל־ריין. זי איז אַליין אַ טייל פון דער שיינער נאַטור אַרום, דורות אינערלעכע שיינקייט רעדן אַרויס פון איר, זי איז געבוירן מען זאָל זי האַלדזן און קושן. און וואָס איז דער וווּנדער וואָס יונגע זין פון פאָלק בענקען און גייען אוים נאָך די מיידלעך. דער פראַנצויזישער מאַטראָס זאָגט צו זיין מיידל אַז ער פֿאַרמאָגט דריי פּאַלאַצן:

איין פּאַלאַץ געפינט זיך אין מילאַן,
דער צווייטער אין דער פּיקאַרדי,
דער דריטער פינקלט אין מיין האַרץ
און די קיניגין איז זי.

אַ סך מאַנגעריזם־שטאָף איז אַריינגעפֿלאָכטן אין די דאָזיקע „גויאישע" געזאַנגען. אַמאָל דערלויבט ער זיך אַריינצוגיסן גאַנצענע שטיקער פון יידישן פאָלקס־עפּאָס אין די סטראָפן פון די פרעמדע לשונות. אַזוי, דאָס פראַנצויזישע מיידל פונעם ליד „מאַראַנצן" ענטפערט אויף דעם יינגלס פראַגע — זאָג מיר נאָר דו שיין מיידל, צי דו ביסט מיינע, יאָ? — מיט די יידישלעכע פערזן:

די צייטיקע פּירות רייסט זי אָפּ,
און די גרינע לאָזט זי שטיין,
און אויפן וועג קיין אַראָפּ
לאָזט זי זיך פרייליך גיין.

אַזוי ווי אין זיין גאַנצער דיכטונג, אַזוי איז אויך דאָ מאַנגער הונדערט פּראָצענט עסטעטיש, איידל ריטמיש און ווילקלינגענדיק. און איבער די אַלע איבערדיכטונגען שוועבט דער גייסט פון נאַטור-געטלעכקייט. דאָס רומענישע מיידל וואַרט אויף איר געליבטן און זי פאַרזיכערט אונדז אַז

עפּנט ער די ליפּן קוים,
ווייס איך תיכף וואָס ער וויל.
איך פאַרשטיי שוין זיינע רייד,
ווי למשל סע פאַרשטייט
דאָס גרינע בלאַט פון עפּל־בוים
דעם צייטיק־שיינעם עפּל.

אין אַן אַנדער ליד זאָגט דער יונגער בחור יידישלעך:
אַ גאָט העלף דיר מיידל, בלוט און מילך

אָדער:

הייבט זי די אויגן אויף די ווילאַ
און זי זאָגט אַזוי צו זאָגן . . .

און עס גלוסט זיך אויסרופן מיט מאַנגערס ווערטער: „אוי ס׳איז שיין! אוי ס׳איז מלא חן”.

⁂

אָבער קיינער וועט נישט אַזוי קלוג און טרעפלעך פאַרטייטשן די לידער פון די פעלקער, אַזוי ווי דאָס טוט מאַנגער אַליין אין זיין פאָררעדע צו „די פעלקער זינגער”:

„און טאַקע באמת, אַזאַ ליד ווי דאָס בולגאַרישע פאָלקסליד „די שיינע מאַרי”, וואָס שילדערט אַזוי מייסטערהאַפט און דיסקרעט די באַהאַלטענע ליבע פון דער דינסט מאַרי צו איר

באַלעבאָס, דעם האָספּאָדאַר מיכאַאיל, ווערט אַריבער גאַנצע בענדער פון סטערילער ליריק, וואָס גייט אויף קאַטורנען *) און טויג סוף כל סוף אויף סיטסאַט כּפּרות.

„און דאָס וווּנדערבאַרע אַלט־פּראָנצויזישע פאָלקסליד „דריי מאַטראָסן", דאָס ליד פון אַוואַנטורע, בענקשאַפט און גאַלגן־הומאָר.

„און דאָס סערבישע „ביים שעפּן וואַסער", וואָס מאָבילי־זירט אַ גאַנצע קאָסמישע באַוועגונג אַרום דעם אין תּוך אידילישן דיאַלאָג צווישן דעם מיידל און דעם יונגן און אַלטן בחור.

„און דאָס אומהיימלעך דעמאָנישע ציגיינער־ליד „דער טויטער מאַן", וואָס אַ סך ליטעראַטור־פאָרשער באַטראַכטן, און מיט רעכט, פאַרן אור־טעקסט צו בירגערס גראַנדיעזער באַלאַדע „לענאָרע".

⁂

אינעם בוך „שטערן אין שטויב" (ניו־יאָרק, 1967) האָבן נישט צום באַדויערן די לידער זייערע געהעריקע דאַטעס. אָבער זיי געהערן אַלע צום ניו־יאָרקער פּעריאָד פֿון א. מאַנ־גער. אַזוי זיינען, למשל, אָן דאַטעס די וויטערדיקע לידער: „שטילער גאָרטן" וואָס איז געווידמעט דעם אָנדענק פון מאַני לייב; „מאַידאַנעק"; „צוויי סאָנעטן" מיט אַ ווידמונג „שלום ראָזענפעלדן — אַ שטילע טרייסט"; „אַברהם גאָלפּאַדען אויף דער עלטער" — געווידמעט ד"ר שמואל מאַרגאָשעס; „די באַלאַדע פון די וועגן" — פאַר פּאַול גאָלדמאַן; „אַלבאָם פאַר געניאַ" — פיר לידער; „אַ ליד וועגן דזשין דזשאָנאַטאַן סוויפט און דעם יידישן גראַמען־מאַכער איציק מאַנגער" — מיט אַן אויבערשריפט „פאַר מרס. ראָוז מאַרגאָשעס"; „לילית און מאָניש" — פאַר ישראל לאָנדאָן; „די באַלאַדע פונעם שטאַרבנ־דיקן קריסטאָפער מאַרלאָו און דער ייד פון מאַלטאַ" — פאַר א. טאַבאַטשניק; „צפת" — פאַר זלמן ארן.

*) אַקטיאָריש שירעלעך

די אַלע אויסגערעכנטע לידער געהערן לויט אַלע סימנים צום ניו יאָרקער פּעריאָד.

באַזונדער דאַרפן אויסגעטיילט ווערן די פינף צאַרטע לידער, וואָס האָבן די אונטערשריפט: סיגעט, 1958־1959. די דאָזיקע לידער זיינען געהאַלטן אין זייער אַ פּעסימיסטישן טאָן.

די אַלטע מכשפה פון עין דור לאַכט פונעם דיכטער „מיט איר איינציק־פוילן געלן צאָן":

**ניין, ביסט נישט מיין טרויעריק־שיינער מלך פון אַמאָל — דערגייט צו מיר ווי דורך אַ נעפּל ווייט איר קול.**
**און טרויעריק שטיל: אין קרוין־זאַל שטייט אַ ליידיקער דער טראָן...**

(„נאַכט־בילד")

אינעם ליד „זינט נעכטן" הערן מיר:

**זינט נעכטן וווין איך אויף אַן אַנדער שטערן;**
**כ'האָב מיטגענומען נאָר מיין ליבשאַפט און מיין ליד.**
**איז וואָס אַז מיין קאַרשן־בוים האָט אָפּגעבליט?**
**יאַקעט שטיי איך פאַרן שפּיגל, אָן חרטה און אָן טרערן.**

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

**ווו כ'בין געבוירן, ווו געוואָגלט — איך געדענק נישט מער.**
**פאַרגעסן.**
**כ'האָב צעפּליקט אין מיין זכרון אַלע היימישע אַדרעסן.**
**כ'וווין איצט אויף אַן אַנדער שטערן, מיט מיין ליבשאַפט און מיין ליד.**

אינעם ליד „איך בין עס" („פאַר זרובבל") פאַרגלייכט ער זיך מיטן האַרבסט, מיטן ווילדן וואַלד, מיטן שמאָלן דאָרף־וועג, און דאָס ליד ענדיקט זיך אַזוי:

**כ'בין אַלצדינג אין דער וועלט, און איך באַזין עס —**
**און אַלצדינג, אַלצדינג וואָס דו האָסט געזאָגט, בין איך געוואָרן:**

**דער קלײנער שפּערל אויפֿן שנײ, די זילבער־גריל אין טיפֿן קאָרן,**
**דאָס גאָלדענע פּײפל אין אַ גרינעם זשאַבע־זומפּ. געפֿין עס.**

⁂

די לידער שפּילען אָפּ מאַנגערס שטימונגען אין יענע יאָרן. ער איז אײנזאַם, אומרואיק. ער פֿילט פֿאָרױס די דערנענטע־רונג פֿון דעם קריזיס פֿון זײן קראַנקײט, זײן טראַגישע ענדע. עס איז דער סך הכל פֿון די פֿאַרלאָפֿענע יאָרן. פֿאַר זײנע אױגן שטײט „אַ לײדיקער טראָן". עס זײנען אים נאָך באַשערט עטלעכע גליקלעכע איבערלעבונגען אין מדינת ישראל, אָבער ער װײס — „מײן קאַרשן־בױם האָט אָפּגעבליט", „דאָס גאָלדענע פּײפל" װעט אַנטשװײַגן װערן...

# מאַני לייב און איציק מאַנגער

דעם 4טן אָקטאָבער 1953 איז געשטאָרבן דער גרויסער דיכטער מאַני לייב. דאָס איז געווען איינע פון די שווידערסטע איבערלעבונגען פון איציק מאַנגער אין ניו־יאָרק, און אפשר אין זיין גאַנץ לעבן. מאַני לייב איז פאַר מאַנגערן געווען אַ האַרציקער אויפריכטיקער חבר — דאָס האָט מאַנגער דער־ציילט אין זיין אַרטיקל „אַדאָנים איז טויט, ווײנט און קלאָגט אַלע מוזעס”. ער פאַרגלייכט דאָ מאַני לייבן — דעם „וווּנ־דערלעכן שוסטער־געזעלן” — צו זיין ברודער נאַטע דעם „ווונדערלעכן שניידער־געזעלן”; „איך האָב זיי ביידן ליב געהאַט, שרייבט איציק, און מיין טרויער איבער זיי איז זייער גרויס”. „און שוין דעמערט אין מיר דער אָנהייב פון אַ קלאָג־ליד איבער מאַני לייבן:

**איך בין געשטאַנען צוקאָפּנס פון דיין אָרון,**
**נאָר דו האָסט דיינע שיינע גרינע אויגן**
**געגליווערט צום לאַנד פון „נישט געשטויגן נישט געפלויגן”**
**און איך בין געוואָרן דיין ווייניקער דאָרן.**

אין דעם אָנגערופענעם אַרטיקל דערציילט א. מאַנגער וועגן מאַני לייבן: „די פריינדשאַפט וואָס ער האָט מיר אַרויסגעוויזן די לעצטע צוויי יאָר פון זיין לעבן איז איין הערלעכע פּאָעמע. מיט אַ שטילן ציטער אין האַרצן דערמאָן איך ווי אַזוי ער, דער טויט־קראַנקער, האָט זיך געזאָרגט וועגן מיין געזונט אַפילו אין די לעצטע בריוו פון דער סאַנאַטאָריע.

„און ווי קען איך פאַרגעסן יענעם האַרבסטיקן טאָג, ווען ער האָט מיך מיט אַנדערהאַלבן יאָר צוריק אָפּגעפירט אין

דער סאַנאַטאָריע. מיט וויפל ליבשאַפט האָט ער מיך גע־טרייסט, געטראָגן מיין שווערן טשעמאָדאַן, און נאָך איצט זע איך די טרערן אין זיינע אויגן, ווען ער האָט מיך דאָרטן איבערגעלאָזט.

„ווי מערקווירדיק דאָס איז. מיר האָט זיך אויסגעדאַכט אַז די פּערזענלעכע דערינערונגען וועגן מאַני לייבן וועט מיר זיין גרינגער אָנצושרייבן. צום סוף קומט עס מיר אָן אַ סך אַ סך שווערער. צווישן מיר און דעם פּאַפּיר שטייען מיינע טרערן. די טרערן קענען פאַרלעשן דאָס געשריפטס, אָבער נישט די טרויער־ליכט אין מיין נשמה".

ביי דעם אָפענעם אָרון מאַני לייבס — האָט זיין געטרייער פרייַנד געלייענט אַ ליד פון פאַרשטאָרבענעם — „איינע פון די שענסטע לידער אין דער וועלט וואָס איך קען".

אין „צוקונפט", דעצעמבער 1954, האָט מאַנגער אָפּגע־דרוקט אַ ליד אונטערן נאָמען „מאַני לייבס אָרון" (סאָנעט).

## מאַני לייבס ארון

לאָמיר טראָגן דעם אָרון פון אונדזער ליכטיקן זינגער
קיין ניעזשין זיין היימשטאָט, וווּ ער איז געבוירן,
ווו עס זיינען געבוירן זיינע ערשטע לירישע טרויערן,
און זאָל אים די ערד און דער חלום זיין גרינגער.

קיין ניעזשין, וואָס רעדסטו ? ווײ־ווײ, צום באַדויערן,
דאָרט ווידמען זיך בלויז אוקראַינישע שרצים,
טאָ זאָל זיין תל אביב, דאָרט פייפן העברעאישע שקצים
רומעניִשע הוראַס אויף ספרדישע פלויערן *)

טאָ זאָל שוין בלייבן ניו־יאָרק, אין וועמעס גיגאַנטישע מויערן
אַ פאָלק האָט פאַרגעסן, פאַרראַטן, פאַרלוירן
זיין שפּראַך און זיין שיינקייט, — די קעפּ נישט געבויגן,

*) פלויערנס — רומענישע פאַסטעך־פייַפלעך.

**ווען מיר די לעצטע, די געטרייסטע ריטער,**
**באַוואָפן ווי אַמאָל די געפּאַנצערטע ריטער,**
**אונדזער טרויעריקע שיינקייט — די שווערדן געצויגן.**

*
**

אויף מאַנגערס ליד האָט לואי סיגאַל זיך אָפּגערופן מיט
א בריוו אין רעדאַקציע „צוקונפט" (14טן מערץ, 1955).
ליבע חברים רעדאַקטאָרן פון דער „צוקונפט".

איך געפין פאַר נויטיק צו ציען אייער אויפמערקזאַמקייט צו איציק מאַנגערס ליד וואָס איז געווען געדרוקט אין ספּעציעלן נומער „צוקונפט" געווידמעט דריי הונדערט יאָר יידישן לעבן אין אַמעריקע. דאָס ליד רופט מאַנגער „מאַני לייבם אָרון".

קיינער קען נישט אָפּפרעגן דעם גרויסן טאַלאַנט פון איציק מאַנגער ווי א דיכטער און שרייבער, עס איז אָבער אומפאַרשטענדלעך ווי אַזוי דער חשובער דיכטער האָט זיך דערלויבט צו באַניצן אין זיין ליד די פאָלגנדיקע שורות:

**„טאָ זאָל זיין תל אביב, דאָרט פייפן העברעאישע שקצים רומענישע הויראַס אויף ספרדישע פלויערן".**

וואָס מיינט אַז אין תל אביב פייפן העברעאישע שקצים? זאָל עס אויסגעטייטשט ווערן, אַז די וואָס ריידן העבראיש קענען אָנגערופן ווערן שקצים? איז עס נישט א גרויסע באַליידיקונג פאַר דער יידישער יוגנט אין מדינת ישראל?

די פראַגע איז ווי אַזוי האָט זיך די רעדאַקציע פון דער „צוקונפט" דערלויבט דורכצולאָזן די אויבנדערמאָנטע שורות אין מאַנגערס ליד? איציק מאַנגער איז באַרעכטיקט צו זיינע שטימונגען ווען ער שרייבט לידער. די רעדאַקציע אָבער פון אַזא חשובן זשורנאַל ווי די „צוקונפט", מעג באַניצן מער פאָרזיכטיקייט.

זאָלן מיינע חברים רעדאַקטאָרן פֿון דער „צוקונפֿט" נישט האָבן קיין פֿאַריבל ווען עס ווערט געצויגן זייער אויפֿמערקזאַמקייט צו אַ פאַרדריסלעכן טעות, וואָס זיי האָבן געמאַכט.

מיט אַכטונג, ל. סיגאַל.

דער דאָזיקער בריוו איז באַגלייט מיט אַ „באַמערקונג פֿון רעדאַקציע":

„דער אויסדרוק „העברעאישע שקצים" איז באַנוצט געוואָרן אין מדינת ישראל דורך וויכטיקע פערזענלעכקייטן, נאָך פאַר איציק מאַנגערן, זייענדיק אויסן די סאַבראַס, וואָס גייען אין די וועגן פֿון די כנענים".



איציק מאַנגער האָט הויך געשעצט דעם טאַלאַנט פֿון מאַני לייבן, זיין סטיל, זיין קינסטלערישע קאָנצעפּציע. ער האָט געפֿילט אַ קינסטלערישע קרובהשקייט מיט אים. ער האָט באַוווּנדערט זיין „גרויסע מייסטערשאַפֿט", „די פּאָעטישע געשטאַלט מאַני לייב" האָט אים געלאָקט, אַרויסגערופֿן ביי אים די אינטימסטע געפֿילן. ער איז ניט מיד געוואָרן צו לייענען מאַני לייבס לידער און אַ סך פֿון זיי געקענט אויף אויסנווייניק. די פּערזענלעכע ליבשאַפֿט צו מאַני לייבן האָט זיך ביי מאַנגערן צונויפֿגעגאָסן מיט זיין קינסטלערישער פאַרערונג צו „אָט דעם וווּנדערלעכן שוסטעריונג, וואָס איז געוואָרן איינער פֿון די גרעסטע יידישע פּאָעטן אין דער וועלט". ברענגענדיק אינעם אַרטיקל „אַדאָנים איז טויט" מוסטערן פֿון מאַני לייבס פּאָעזיע, האָט איציק מיט עקסטאַז אויסגערופֿן: „אויב דאָס איז ניט קיין אמתע פּאָעזיע, טאָ וואָס איז עס? אפשר וויסטו, אַפּאָלאָ"? ער האָט אויסגעטייטשט די אייגנשאַפֿטן פֿון מאַני לייבס פּאָעזיע און געהאַלטן אַז ער איז געווען „דער אידעאַלער פּאָעט„ וואָס האָט פֿאַרווירקלעכט פאַל ווערלענס געבאָט צו פּאָעזיע זי זאָל אויסדריקן און באַשטיין פֿון „מוזיק, מוזיק איבער אַלץ".

„מאַני לייב, זאָגט ער, איז געווען אַזאַ מוזישער מענטש און פּאָעט. איך זאָג געווען און דאָס וואָרט געווען פאַרוואַנדלט

זיך און ווערט געוויין. ער האָט תּפֿילה געטאָן צו די מוזעס און די מוזעס האָבן זיין תּפֿילה דערהערט. זיי האָבן זיך צו אים אָנטפּלעקט מיט אַלע זייערע חנען. און איינע פֿון זיי, מיר וועלן זי אָנרופֿן די מאַני לייבישע מוזע, האָט אים אַפֿילו אוועקגעשענקט איר גאָלדענעם קאַמערטאָן.

„און דאָס יידישע וואָרט איז געוואָרן מוזיק".

שוין גאָר יונגערהייט, ווען צו מאַנגערן זיינען דערגאַנגען קיין יאַס, רומעניע, באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, די לידער פֿון מאַני לייבן, האָט ער און זיין ברודער נאָטע „זיך פּשוט פֿאַרכלינעט מיט באַגייסטערונג. לידער אויסגעטאָן פֿון יעדער רעטאָריק און דעקלאַמאַציע, האַלבע און דרייפֿערטל — און פֿערטל־טענער. דער דעמערנדיקער ריטם פֿון מאַני לייבישן ליד האָט געררייצט און געצויגן". אָט דער איינדרוק און באַגייסטערטקייט פֿון מאַני לייב, זיינען ביי מאַנגערן געבליבן ביז אין לעצטן אָטעם.

אין 1961 איז אַרויס מאַנגערס גרויסער באַנד „נאָענטע געשטאַלטן און אַנדערע שריפֿטן". מיר האָבן דאָ מאַנגערס עטלעכע עסייען פֿון קריטיש־אַנאַליטישן כאַראַקטער: משה לייב האַלפּערן, יוסף ראָלניק, ראובן אייזלאַנד, משה נאַדיר — און אויך מאַני לייב (20 זייטן). איך נעם אַרויס עטלעכע ציטאַטעס פֿון דעם דאָזיקן עסיי — די פֿאַרשכּהבלונג פֿון מאַנגערס אָפּשאַצן און אַריינדרינגען אין תּוך פֿון מאַני לייבס פּאָעזיע, — פּרעכטיקע כאַראַקטעריסטיקעס, וואָס זאָגן גלייכצייטיק זייער אַ סך וועגן איציק מאַנגערן אַליין:

„מאַני לייב האָט געהאַט דאָס פֿיינע אויער, וואָס האָט דערשפּירט דעם קלענסטן דיסאָנאַנס, דעם מינדסטן קריץ, און ער האָט עס אויסגעמיטן. דערפֿאַר איז זיין ליד פֿערפֿעקט, אָן אַ פּגם...

„ווי יעדער גרויסער פּאָעט, וועט ער פֿאַרכאַפּט נישט נאָר פֿון דער וואָרט־ווירטואָזיטעט אָן און פֿאַר זיך. ער פּרוווט אויך גרייכן מיט זיין אויער צו אַ טיפֿער אינערלעכער מוזיק, וואָס

ווערט באמת העלזעריש אָדער בעסער געזאָגט — העלהע־רעריש . . .

„מאַני לייב איז דער גרעסטער העדער אין אונדזער פּאָע־זיע. זיין אויער האָט אויפגעכאַפּט דעם אור־אַלטן און אור־יונגן ניגון פון דער וועלט: לעבן, ליבע און געדאַכט. די מוזי־קאַלישקייט איז מער ווי סתם וואָרט־קלאַנגערער ביי אים. . . זיין ליד האָט דעם דופט פון לילאַק און אימאָרטעלן, דעם טעם פון רויטע קאַלינעס און צייטיקע קייסער־באַרן.

. . . „לויט מיין געפיל איז מאַני לייבס שעפערישע קרוין — זיין ליריק. אָבער אויך אין זיין פּאָעטישער מעשה פאַרמאָגט ער געגנוג שיינס און אייגנס, וואָס באַרייכערט אונדזער פּאָע־טישן אוצר״.



פאַרלוירן זיין נאָענטסטן פריינד, ווערט מאַנגער פיזיש און גייסטיק נאָך מער באַשווערט מיט בלוטיקע ווונדן, ער פילט זיך מיד, אויסגעשעפּט, איינזאַם — אינמיטן פון אַ צע־שטורעמטער וועלט. עס מאַטערט אים דאָס בילד:

די קברים בליען און די פייגל פליען,
אַן אַלטער יידישער גראַם
מיט אַ ביטער־יידישן טעם,
נאָר איין גאָט זאָל זיך מיען . . .

און אַזוי ווי איוב אין „מאַנגערס באַלאַדע פון איוב דעם תבואה־סוחר״, זינגט ער מיטן „ניגון פון איוב אין חדר״:

ביים וואַסער שטייט אַ ווערבע,
די ווערבע איז איינגעבויגן,
אויף דער ווערבע זיצט אַ פּאַווע
מיט גרויסע, טרויעריקע אויגן.

# אין מדינת ישראל

א. מאַנגער הייבט אָן טראַכטן וועגן אַריבערפּלאַנצן זיך קיין מדינת ישׂראל. ער האָט שוין געהאַט עטלעכע גוטע גרו־סן וועגן דעם, ווי אַזוי דער ייִדישער עמך־עולם אין ישׂראל האָט אויפֿגענומען זײַנע שאַפֿונגען. „די גאָלדענע קייט" און אַנדערע אויסגאַבעס האָבן געשריבן וועגן מאַנגערן (נומער 8 — יחיאל האָפֿער, נומער 26 — ד"ר א. מוקדוני).

יולי־אויגוסט 1955 איז געקומען קיין ישׂראל צוגאַסט **דינה האַלפּערן**, זי האָט צונויפֿגעשטעלט אַ טרופּע און אויפֿגעפֿירט מאַנגערס **„כישופֿמאַכערין"**. זי האָט אַליין געשפּילט די ראָל פֿון דער כישופֿמאַכערין — די ראָל מיט וועלכער זי האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט אין וואַרשע (איך דערצייל וועגן דעם געטרייער אין מײַן בוך „איציק מאַנגער").

וועגן דינה האַלפּערנס פֿאָרשטעלונג אין תּל־אָבֿיבֿ שרײַבט י. פּאַנער אין „לעבנס־פֿראַגן" (סעפּטעמבער 1955): „מ'דאַרף באַוווּנדערן און אָנערקענען די גרויסע אָנשטרענגונגען וואָס ס'האָט געמאַכט דינה האַלפּערן צו שטעלן די דאָזיקע פּיעסע. ס'איז געווען אַ ריזיקאַלישער שריט. אָבער זעענדיק דינה האַל־פּערן אין דער ראָל פֿון דער באָבע יאַכנע, האָבן מיר פֿאַר־שטאַנען אַז קינסטלערישע אַמביציע שטייגט אַלץ אַריבער. און דינה האַלפּערן האָט געוווּסט וואָס זי טוט. „די כישופֿ־מאַכערין" ציט מאָסן... דינה האַלפּערנס באָבע יאַכנע איז אַ קינסטלעריש געשעעניש אין אונדזער היימישער טעאַטער־וועלט. יעדער קלאַנג פֿון איר מעטאַלישער מאָדולירטער שטים, יעדע מינדעסטע האַנט־באַוועגונג אירע, אַפֿילו איר שווײַגן — זײַנען קינסטלערישע קרעאַציעס פֿון הויכער מדרגה".

ווענן דער זעלבער פאַרשטעלונג האָט י. דאַרין געשריבן אין „די לעצטע נײַעס" (13טן יולי, 1955): „עס איז געווען אַ גרויסע פרייד און יום־טובֿ סיי דאָס וואָס דינה האַלפערן האָט אויפגעפירט „די כישופמאַכערין" און סײַ די אויפפירונג אַלס אַזעלכע, און ס'אַז אויך אַ פרייד וואָס נישט בלויז האָט זיך דער וווּנדערבאַרער ייִדישער טעאַטער־עולם ניט אָפּגעטרייסלט פון דער ערנסטער, קינסטלערישער פאַרשטעלונג, ווי מען וויל דאָס אָפט אײַנריידן דעם ייִדישן טעאַטער־עולם, נאָר פאַרקערט — ער האָט די אויפפירונג אויפגענומען מיט שטורעם, ווי ער וואָלט געזאָגט: גיט אונדז אַ גוטע קינסטלערישע פאַרשטעלונג און מיר וועלן אײַך באַלוינען.

די כישופמאַכערין (באָבע יאַכנע) איז דינה האַלפערנס גרעסטע ראָל, קיינער האָט זי נאָך בעסער ווי זי נישט געשפילט, און קיינער דאַכט זיך האָט נאָך די ראָל נישט אויפגעהאַלטן אַזוי פריש ווי זי, וואָס האָט נאָך די ראָל געשפילט אין פאַר־מלחמהדיקן פוילן. — איר דיקציע, איר אופן פון אַרויסריידן דאָס וואָרט און דאָס מאָדולירן דאָס וואָרט — איז פון אַ הויכער קלאַס. און אין דער „כישופמאַכערין" דערפירט זי דאָס וואָרט צו מוזיק".

די דאָזיקע דערפאָלגן פון ייִדיש אין מדינת ישׂראל, פאַרשטאַרקן נאָך די שטימונג פון א. מאַנגער בנוגע זײַן באַזוכן דאָס לאַנד. זיין ערשטן באַזוך אין ישׂראל מאַכט מאַנגער אין 1958. ווען ער קומט צוריק קיין ניו יאָרק אין 1959, שרײַבט ער צו י. לעפּטוויטשן: „איי, די שרײַבערישע קנאה! זינט איך בין צוריקגעקומען פון ישׂראל נאָך מײַן גרויסן דערפאָלג, קוקן זיי אויף מיר מיט שׂנאה. גיי שאַף אין אַזאַ סביבה". ווענן דעם דאָזיקן ערשטן באַזוך מאַנגערס און זיין דרײַ־חדשמדיקן אויפהאַלט אין ישׂראל שרײַבט י. לעפּטוויטש אין זיין אויבן־ציטירטן ענגלישן אַרטיקל: „איך בין געווען אין ישׂראל ווען מאַנגער איז אַהער געקומען אין 1958. זײַנע אויגן האָבן געשײַנט מיט גליקלעכקייט. ער האָט אויסגעקוקט אין געזונט בעסער ווי ווען עס איז ווי איך האָב אים געקענט. מ'האָט אים געגעבן אַ גרויסע אויפנאַמע, און ער איז געווען באַגייסטערט פון דעם. טויזנטער זײַנען געקומען אים הערן ריידן און פאַר־

לייענען זײַנע לידער — אין ירושלים, תּל-אָבֿיבֿ, חיפֿה, אין קיבוצים איבערן גאַנצן לאַנד. סאַבּרעס האָבן געזונגען זײַנע יידישע לידער. שלום ראָזענפֿעלד האָט אין יענער צײַט גע־שריבן אין ניו יאָרקער „פֿאָרווערטס", — האָט ער דאָס אַלץ דערקלערט מיט דעם, אַז דאָס איז געווען דער אָפּרוף פֿון פֿאָלק אויף די זכרונות, וועלכע מאַנגער האָט אין זיי אויפֿ־געוועקט וועגן דעם יידישן פֿאָלקס-לעבן, וואָס היטלער האָט חרובֿ געמאַכט אין אייראָפּע".

מאַנגערס ערשטער באַזוך אין מדינת ישׂראל איז געווען באמת אַ גרויסע דערפֿאָלגרייכע געשעעניש. אויפֿן לופֿט-פּאָרט האָבן מאַנגערן אָפּגעוואַרט די אָנגעזעענסטע פֿאָרשטייער פֿון לאַנד: יוסף שפּרינצאַק, ספּיקער פֿון כנסת; פּנחס לבון — פֿירער פֿון הסתדרות; פֿאָרשטייער פֿון יידישן ליטעראַטן־פֿאַראיין און פֿון „קול ישׂראל לגולה". געקומען איז אויך מאַנ־גערס שוועסטער שיינדעלע, מיט וועלכער ער האָט זיך נישט געזען איבער צוואַנציק יאָר. אין אַ קורצער צייט אַרום איז מאַנגער איינגעלאַדן געוואָרן אין דער רעזידענץ פונעם פּרע־זידענט בן צבי. אַ גרויסער קבלת פּנים איז פֿאָרגעקומען אין דעם טעאַטער-זאַל „אוהל שם" אין תּל-אָבֿיבֿ. דער תּל-אָבֿיבֿער אַרבעטער-ראַט האָט געהאַט אַ גרויסן אָוונט לכּבֿוד מאַנ־גערן אין זײַן קולטור-הויז. פֿײַערלעכע אויפֿנאַמעס זײַנען גע־ווען אין רעדאַקציע פֿון „דבר", אין ליעסין-הויז, אין בית סוקולוב, אין בית טשרניחובסקי. דער העברעיִשער אוניווער־סיטעט האָט אָרגאַניזירט בײַ זיך מאַנגערס אַ רעפֿעראַט אין יידיש. אין צפֿת האָט ער באַקומען די גאָלדענע עמבלעם פֿון דער שטאָט. אַלע צײַטונגען און ליטעראַרישע אויסגאַבעס זײַנען געווען פֿול מיט אַרטיקלען וועגן מאַנגערס לעבן און שאַפֿן.

⁂

אַ דיסאָנאַנס אין יענער יום טובֿדיקער שטימונג האָט גע־שאַפֿן דער אינטערוויו וואָס שמעון גן האָט געהאַט מיט מאַנגערן. אין פֿאָריקן קאַפּיטל „דיכטונג אין שאָטן פֿון חור־בן" האָבן מיר ציטירט גענוי דעם דאָזיקן אינטערוויו און געגעבן זײַן אָפּשאַצונג. פֿונעם גאַנצן אינטערוויו, פֿון מאַנגערס

קריטיש-ליטעראַרישן אַנאַליז, האָבן סענסאַציע-זוכערס אַרויס־געכאַפּט די איינציקע שורה: „...איצטער האָבן מיר נאָך צופיל פֿײַנט די ליטווינער, די דײַטשן, די פּאָליאַקן און די אַנדערע וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין מאַסן-מאָרד". אָט די ווערטער, אַרויסגעריסן פֿון גאַנצן קאָנטעקסט פֿון אינטער־וויו, האָט מען פֿאַרשריגן — ווער בײַזוויליק, ווער לײַכטזי־ניק, ווער צו להכעיסדיק — אַזוי ווי מאַנגער וואָלט געפֿירט אין ישׂראל פּראָפּאַגאַנדע מוחל צו זײַן, נישט צופֿיל פֿײַנט האָבן די מערדער פֿון ייִדישן פֿאָלק. דעם ייִדישלעכסטן דיכ־טער, וואָס האָט נישט אויפֿגעהערט צו באַקלאָגן אונדזער נאַ־ציאָנאַלע טראַגעדיע, וואָס ער האָט אַזוי פֿיל קללות אויס־געגאָסן אין זײַנע לידער אויף די קעפּ פֿון די דײַטשן און אוקראַיִנער, — זײַנע ווערטער פֿון אינטערוויו האָט מען „גע־שטעמפּלט" ווי אויסדרוקן פֿון „טעמפּער איגנאָראַנץ און פֿאַר־שיכורטער אַראָגאַנץ". ווען מען לייענט יענע „ליטעראַטור" הײַנט צו טאָג, פֿרעגט מען זיך: האָבן די מענטשן פֿאַרלוירן די פֿעיִקייט צו באַהאַנדלען אָביעקטיוו מאַנגערס ווערט? האָבן די פּען-מענטשן פּשוט נישט פֿאַרגונען מאַנגערן דעם גרויסן כּבֿוד וואָס מען האָט אים צוגעטראָגן בעת זײַן דעמאָלטיקן אויפֿהאַלט אין מדינת ישׂראל?

איך האָב אין מײַן אויבן-דערמאָנטן קאַפּיטל ציטירט אַ סך לידער מאַנגערס, וואָס פֿאַראייביקן און פֿאַרהייליקן די ייִדישע לײַדן אין יענער פֿינצטערער עפּאָכע, — זיי זײַ־נען דער אויפֿריכטיקער און האַרציקער ענטפֿער אויף די רייד פֿון מאַנגערס קטיגורים.

מאַנגערס ווערטער דאַרף מען אויפֿנעמען אַזוי ווי זיי זײַנען: טעאָרעטישע געדאַנקען פֿון אַ דיכטער וועגן די מעטאָדן פֿון דיכטונג. דער ייִדישער קינסטלער איז לגבי דער דאָזיקער פּראָבלעמע אין דער זעלביקער לאַגע און ער טראָגט די זעלביקע אחריות אין זײַן שאַפֿן, אַזוי ווי יעדער אַנדערער קינסטלער פֿון אַלע צײַטן און פֿעלקער. מאַנגערס פּאַראַלעל־שטעלן דעם ייִדישן קינסטלער מיט לעוו טאָלסטאָי — איז חלילה נישט קיין באַליידיקונג. מאַנגער האַלט אַז „פֿאַר דער דראַמאַטישער און עפּישער פֿאָרם איז נאָך צו פֿרי בײַ אונדז".

פאַר דער מעמואַרן־ליטעראַטור, פאַר די כראָניקעס און עדות־באַשרײַבונגען איז דאָס „צו פיל פײַנט האָבן" די נאַצים און די אַנדערע שותפים זייערע — אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך, באַרעכטיקט פון אַלע שטאַנדפּונקטן. אָבער פאַר דער קונסט פון עפּיש־דראַמאַטישן כאַראַקטער — עקסיסטירן אַנדערע מאָס־געזעצן און פאָדערונגען. פאַר זיי איז נאָך ניט געקומען די צײַט. „ס'איז נאָך צו פרי זיך צו פאַרמעסטן, צו שאַפן קינסטלערישע ווערק אויף דער דאָזיקער טראַגישער טעמע" — אַזוי ענטפערט מאַנגער דעם אינטערוויוער אויף זײַן פראַגע: „צי קען היינט אַ ייִדישער שרײַבער ווײַטער שרײַבן אַזוי ווי ער האָט געשריבן פריער, איידער עס זײַנען נאָך געווען פאַרניכטונגס־לאַגערן און גאַז־קאַמערן". אויף דעם ענטפערט מאַנגער: „איצט איז די צײַט פון קינות". אָבער אויך צום קינות־שרײַבן באַציט זיך מאַנגער מיט דער גרעסטער קינסטלערישער פאַראַנטוואָרטונג. „דער ווערט פון די קינות איז אָפּהענגיק דערפון ווער ס'איז זייער ירמיהו". ער, איציק מאַנגער האָט געפרווּט אַן אַנדער מעטאָדע, ער האָט זײַנע חורבן־לידער געשריבן ממעמקים, פון אַ היסטאָריש־נאַציאָנאַלער פּערספּעקטיוו און מיט אַ קוק אויף דער צוקונפט. נישט אַלע ייִדישע פּאָעטן האָבן געפונען אין זיך גענוג כוח צו אונטערדריקן זייערע אינסטינקטיווע אויסגעשרייען און זייערע ספּאָנטאַנע געפילן — אין פּאָסיקע אָביעקטיוו־קינסטלערישע אויסדרוק־פאָרמען.

אויך אין דעם פּרט איז איציק מאַנגער אין דער ייִדישער פּאָעזיע אַן אויסנאַם, אייגנאַרטיק, שפּאַנט מיט זײַן אייגענעם דרך.

⁂

די באַשריבענע אַנטי־מאַנגערישע שטימונגען האָבן נישט געשטערט אויפצונעמען דעם דיכטער מיט גרויס כּבוד סײַ בײַ זײַן קומען און סײַ בײַ זײַן פאַרלאָזן ישׂראל. לייענען מיר אין אַ ייִדישן זשורנאַל פון תּל־אָבֿיבֿ: „דינסטיק, דעם 28סטן מײַ (1958) איז פאָרגעקומען אַ גרויסער מאַנגער־אָוונט אין „אוהל", אונטערן ערן־פּראָטעקטאָראַט פון בילדונגס־מיניס־

טער זלמן ארן און סוכנות-פּאָרזיצער זלמן שזר. משה ערעם האָט געפֿירט דעם פֿאָרזיץ. ער האָט געלייענט באַגריסונגען פֿון ד"ר יחיאל האָפֿער, מ. גראָסמאַן — „היימיש" און פֿון דער קורסקי-ביבליאָטעק. ס'האָט גערעדט א. סוצקעווער, און ס'האָט גערעדט און געלייענט דער גאַסט, דער זאָל איז גע־ווען איבערגעפּאַקט. — מאַנגער איז געוואָרן אויפֿגענומען דורכן נשיא, און דערנאָך אויך דורך דעם שר עבודה מ. נמיר... מאַנגער איז געוואָרן אויפֿגענומען פֿון דער הסתדרות אין תּל־אָבֿיבֿ, אין חיפֿה, רחובות און אין דעם אוניווערסיטעט אין ירושלים. ער האָט שוין געהאַלטן עטלעכע רעפֿעראַטן וועגן גאָלדפֿאַדען און יידישן הומאָר".

אויף דער אויפֿנאַמע אין אגודת העתונאים האָבן גערעדט דן פּינעס, י. זרובבל, מ. חלמיש, א. ש. יוסיפֿון, א. וו. יאסני. י. זרובבל האָט זיך געזעגנט מיט מאַנגערן אין די פֿײַערלעכע ווערטער: „יאָ, איציק מאַנגער האָט זיך דאָ „געוואַלגערט", אָבער ווי אין דער היים — אין וואַרעמקייט, האַרציקייט, ליבע. ניין, אַזוינס האָט ער אין דער פֿרעמד קיינמאָל נישט פֿאַרזוכט. — אונדז האָט שטאַרק פֿאַרדראָסן וואָס בעת די עשור-פֿײַערלעכקייטן איז פֿאַרשעמט געוואָרן די יידישע שפּראַך פֿון די מיליאָנען יידן וועלכע האָבן מיט זייער קדושה, טהרה און גבורה משפּיע געווען אויפֿן אויפֿקום און קיום פֿון מדינת ישׂראל. איז אונדז באַשערט געוואָרן אַז דורך איציק מאַנגערס באַזוך זאָל אָט די פּגימה אויף דער ישׂראל-זון אָראָפּגעווישט ווערן. ווײַל איז איציק מאַנגערן, וואָס ער האָט זוכה געווען צו ווערן דער שליח מצווה פֿון יידיש אין יאָר פֿון דער גאולה־פֿייערונג. און ווייל איז אונדז וואָס מיר זײַנען געווען ראוי צו דער דאָזיקער מזלדיקער שעה, און געוווּסט ווי מקבל פּנים צו זײַן אָט דעם שליח אין זײַן שליחות. איציק מאַנגער, זײַט געבענטשט צו אײַער קומען און צו אײַער פֿאַרלאָזן ישׂראל! על דעת הקהל ועל דעת המקום הנני נפרד מהמשורר איציק מאַנגער: בואך וצאתך לשלום!"

⁂

אין 1961 באַזוכט מאַנגער אַ צווייטן מאָל דאָס ישׂראל־לאַנד. עס חזרט זיך איבער די זעלבע ענטוזיאַסטישע אויפנאַמע מצד פאַרשידענע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. תל־אָביבֿ, ירושלים און צפֿת באַערן אים מיט מעדאַלן ווי אַן ערן־בירגער. אין „יער הקדושים" פאַרפלאַנצט מאַנגער אַ בוים צום אָנדענק פון די זעקס מיליאָן אומגעבראַכטע יידן. איציק מאַנגער רופט אויס צום עולם: „חבֿרים, אויב איר וועט זען אַ פויגל אויף מיין בוים, זייט וויסן אַז דאָס בין איך — ס'איז מיין גילגול".

דער פרץ־פאַרלאַג אין תל־אָביבֿ האָט אַרויסגעגעבן אַ פּראַכט־באַנד פון מאַנגערס שאַפונגען אונטערן נאָמען „ליד — באַלאַדע — דערציילונג — שיר־בלדה־סיפור" (יידיש און העברעיִש). די באַזוכן אין ישׂראל האָבן אָנגעפילט מאַנגערס האַרץ מיט גרויס פרייד און גליקזאַמקייט. אין אַ בריוו צו לעפטוויטשן שרייבט ער: „לויטן בילדונגס־מיניסטער פון ישׂראל, האָט קיין שום העברעיִשער פּאָעט נישט געהאַט דאָס וואָס איך. ווער שמועסט נאָך אַ יידישער. איך בין געוואָרן דער ערן־בירגער פון צפֿת, און איך האָב די איינלאַדונג דאָרט צו וווינען. דער מעיאָר פון חיפה האָט מיר פאַרגעשלאָגן אַ ווילאַ אויפן כרמל. איר האָט געטאָן אַ גרויסן פעלער, וואָס איר זענט ניט געבליבן אין ישׂראל נאָך אַ טאָג און נישט געזען דעם יום־טובֿ פון אַ גאַנץ לאַנד".

די פייערלעכע אַקאַדעמיע פאַר איציק מאַנגערן אין תל־אָבֿיבֿ צו זיין 60־יאָריקן יובל, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ נאַציאָנאַלן יום־טובֿ. דער גרויסער זאַל פון הבימה־בנין איז געווען איבערגעפולט. „דער גאַנצער אָוונט, דערציילט ש. ראָזענפעלד („פאָרווערטס" דעם 10טן דעצעמבער 1961), איז געשטאַנען אונטערן צייכן פון יום־טוב פון איין זייט און פון חשבון הנפש פון דער צווייטער זייט". דער געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט וואָס האָט איינגעאָרדנט אָט דעם קבלת פנים, איז באַשטאַנען פון די פּראָמינענטסטע פאָרשטייער פון געזעלשאַפטלעכן לעבן און פון קולטור און ליטעראַטור אין ישׂראל. פּראָפ. סדן האָט זיין רעדע געווידמעט דער יידישער שפּראַך און דער ראָל פון מאַנגערן אין דער יידישער שאַפונג

— אַ דיכטער „וועלכער האָט גענומען פֿעלזן פֿון פֿאָלקסטימ־לעכקייט און האָט זיי פֿאַרוואַנדלט אין איידעלן מעטאַל". דער דיכטער א. שלאָנסקי האָט געזאָגט: „מאַנגער האָט דערהויבן די מאָטיוון פֿון פֿאָלקסטימלעכקייט צו דער העכסטער מדרגה. דאָס געזאַנג פֿון מאַנגערן איז אַ געזאַנג פֿון „לא אמות כי אחיה", אַ געזאַנג פֿון אומעטיקער נשמה אָדער פֿון פֿריילעכן טרויער, ווײַל ער אַליין, דער דיכטער, פֿאַרמאָגט אַ גרויסן הויפֿן פֿון פֿריילעכן טרויער". י. האַפֿער האָט געזאָגט: „מאַנ־גער האָט זיין טאַלאַנט באַקומען במתנה פֿון אויבערשטן, און ער האָט געשעפּט מיט פֿולע הויפֿנס פֿון דער דאָזיקער מתנה". דער העברעיִשער שרײַבער און קריטיקער עזריאל אחמני האָט געזאָגט: „מאַנגער איז ווי אַן אלכעמיקער: צו וואָס ער רירט זיך צו, ווערט פֿאַרוואַנדלט אין הערלעכער פּאָעזיע".

מאַנגער אַליין האָט געהאַלטן אַ דערהויבענע שיינע רעדע:
„איך בין דאָס דער טראַגישער פּאָעט, וואָס האָט פֿאַרלוירן זײַן עכאָ — האָט אַ טיף געריהרטער אָנגעהויבן מאַנגער זײַן רעדע, — ווײַל אין פֿאָלק און אין זײַן שפּראַך ליגט דער עכאָ פֿון פּאָעט. אונדזער ייִדישע שפּראַך איז ניט אונטערגעגאַנ־גען, חלילה, ניט ווי אַלט לאַטייניש אָדער אַלט גריכיש. ייִדיש איז דערמאָרדעט געוואָרן אין מיטן גאַס דורך די דײַטשע מערדער, צוזאַמען מיט די מיליאָנען וואָס האָבן ייִדיש גע־רעדט, ייִדיש געוויינט, ייִדיש געלאַכט, ייִדיש געצווייפֿלט און אויף ייִדיש געהאָפֿט. סך הכל האָט די מאָדערנע ייִדישע לי־טעראַטור אין מזרח-אייראָפּע געלעבט אַ 37-38 יאָר און במשך פֿון דער דאָזיקער קורצער צײַט זײַנען אומגעהויערע רײַכע אוצרות געשאַפֿן געוואָרן אין פּראָזע און אין ליד. ס'איז די פֿליכט פֿון מדינת ישׂראל איינצוקערפּערן די דאָזיקע אוצרות אין אַלגעמיינעם נאַציאָנאַלן לעבן פֿון פֿאָלק און זיי פֿאַרוואַנד־לען אין אַ קוואַל פֿון אינספּיראַציע.

„מען קען ניט אַריבערשפּרינגען איבער דורות. אַלץ וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן דורך ייִדן אין אַלע עפּאָכעס, אויף אַלע שפּראַכן, אין אַלע לענדער איז אַ נאַציאָנאַלע גאַנצקייט און

עס טאָר קיין טראָפּן דערפֿון ניט פֿאַרלוירן גיין. ווײַל אַלץ געהערט דעם פֿאָלק:

„אונדזער פֿאָלק איז גרויס און מיר מעגן דערמיט שטאָלצירן. אַט נעמט די דײַטשן, די רוצחים פֿון אונדזער פֿאָלק: וואָס איז דער ליטעראַרישער הויכפּונקט פֿון זײַער שאַפֿונג? די מעשׂה מיט ד״ר פֿאַוסט, וואָס האָט פֿאַרקויפֿט זײַן נשמה דעם שטן. ווען מען וואָלט אונדזער ליבן, פֿאָלקסטימלעכן, תמימותדיקן און אַזוי שווער געפּרוּווטן טוביה דעם מילכיקן פֿאַרגעלייגט אַזאַ געשעפֿט, ער זאָל פֿאַרקויפֿן די נשמה דעם שטן, וואָלט ער אָנגעשפּיגן אין פּנים יענעם, וואָס וואָלט אים אַזאַ פֿאַרשלאָג געמאַכט. ווייל ביי אונדז ייִדן איז מענטשלעכקייט דער העכסטער אידעאַל״.

ש. ראָזנפֿעלד פֿאַרענדיקט זײַן באַשרייבונג: „אַט אַזוי, אין אַ געהויבענער שטימונג, האָט דער טרויעריקער פּאָעט פּלוצים געפֿונען זײַן עכאָ. דער עכאָ האָט זיך געטראָגן פֿון די הערצער פֿון הונדערטער דאַנקבאַרע פֿאַרערער, וועלכע האָבן צווישן זייער אָרעמען געפּעק געבראַכט מיט זיך פֿון זייערע אויסוואַנדערונגס-לענדער קיין תּל-אָבֿיבֿ — אויך אַ ייִדיש ליד, אַ מאַנגערישן, פֿאָלקסטימלעכן ניגון״.

ישׂראל האָט מאַנגערן ווײַטער געצויגן צו זיך — דאָס לאַנד, די מענטשן, די געשאַפֿענע לעבנס-באַדינגונגען פֿאַר אים, די פּאָפּולאַריטעט און דער גרויסער כּבֿוד וואָס מ׳האָט אים געגעבן. נאָך דעם ווי ער האָט פֿאַרבראַכט אין לאַנד אַן ערך 3 חדשים, קערט ער זיך אום קײַן ניו-יאָרק.

אַ דריטן מאָל פֿאָרט מאַנגער קיין ישׂראל אין 1963, אויך איצט פֿאַרבלײַבט ער דאָ אין לאַנד נאָר אַ פּאָר חדשים. זיין פֿערטע רייזע קיין ישׂראל מאַכט ער אַדורך אין יולי 1965, — און די רייזע האָט זיך געענדיקט פֿאַטאַל: אינגאַנצן אין אַ וואָך אַרום נאָכן קומען קיין ישׂראל, האָט אים געטראָפֿן דער פּאַראַליטיש-אַטאַק (סטראָאוק). מען האָט תּיכף אַרויסגערופֿן געניען, און זי איז מיט אים פֿאַרבליבן די חדשים אויגוסט 1965 — מערץ, 1966. ער האָט דורכגעמאַכט אַ היי-

לונגען-קורס אונטערן אויפזיכט פון די בעסטע דאָקטוירים, און ער האָט זיך געפילט אַלץ בעסער, אויף אַזויפיל, אַז נאָך די עטלעכע חדשים, האָבן די דאָקטוירים דערלויבט אים צו נעמען קיין ניו־יאָרק, אונטער דער אויפזיכט פון געניען. אָבער ווייזט אויס, פאַר זיין אָרגאַניזם איז דאָס געווען אַ צו שטאַרקער אויפרודער, און אין אַ וואָך אַרום נאָך זיין קומען קיין ניו יאָרק באַפאַלט אים דער צווייטער אַטאַק. מען האָט אים איינגעאָרדנט אין בית אברהם־שפיטאָל, מאַנגער איז געלעגן אין אַ פּרעכטיקן צימער, געניע איז ניט אָפּגעטראָטן פון אים. אין עטלעכע וואָכן אַרום ווערט באַשלאָסן נעמען איציקן צוריק קיין ישׂראל, אין דער האָפענונג אַז דאָרט וועלן פאַר אים געשאַפן ווערן די אידעאַלסטע באַדינגונגען. און אַזוי קומט זיין פינפטע רייזע קיין ישׂראל, דאָס מאָל אין אַ קראַנקן צושטאַנד. אַ באַקאַנטער דאָקטער פאָרט מיט זיי מיט, אין ערהאָפּלאַן ווערט דער קראַנקער באַזאָרגט מיט אַלע מעגלעכע באַקוועמלעכקייטן. דאָס איז געווען אין סעפּטעמבער 1966, דעם דיכטערס לעצטע רייזע קיין ישׂראל. אויפן לופט־פאָרט האָט אים אָפּגעוואַרט אַן אַמבולאַנס, צוויי חדשים איז ער געלעגן אין די גרעסטע שפּיטאָלן פון לאַנד, און נאָך דעם האָט מען אים איינגעאָרדנט אין ד״ר פאַן וויזעלס גדרה־סאַנאַטאָריע.

דער קראַנקער איציק מאַנגער איז געלעגן פּאַראַליזירט, אָבער זיין פּאָפּולערקייט אין לאַנד איז געוואַקסן. נאָענטע פריינד האָבן נאָך פאַרגרעסערט זייער זאָרג וועגן דעם דיכטער. ער איז געווען ביים פולן באַוווסטזיין — האָט מען זיך באַמיט פאַר אים צו שאַפן ניט נאָר מאַטעריעלע הילף, נאָר אויך מאָראַלישע אונטערשטיצונג. מ׳האָט געוואָלט, ער זאָל וויסן אַז פריינד פאַרלאָזן אים ניט, פאַרגעסן אים ניט.

⁂

אין 1967 און אין 1968 זיינען לכבוד און לטובת דעם קראַנקן מאַנגער פאָרגעקומען צוויי גרויסע אונטערנעמונגען, מיט דער חברישער באַטייליקונג פון די גרעסטע קינסטלער אין לאַנד. ביידע אָוונטן האָט אָרגאַניזירט שלום ראָזענפעלד.

ער און מ. צאַנין זײַנען געווען די צערעמאָניע־מייסטערס אויפֿן ערשטן אָוונט; אויפֿן צווייטן אָוונט — ש. ראָזענפֿעלד. ביידע אָוונטן זײַנען פֿאָרגעקומען אין היכל התרבות און זײַנען אַדורך מיטן גרעסטן דערפֿאָלג. די פּראָגראַם פֿון ערשטן אָוונט איז באַשטאַנען פֿון צוויי טיילן: 1) רעציטאַציע, געזאַנג און מוזיק — חנה ראווינא, ווילי גורליצקי, נחמה הענדל, מאיר מאַרגאַלים א״א אין העברעיִשן טייל; שמעון דזשיגאַן, א. גאַל־דין אין יידישן טייל, חנה ראווינא האָט רעציטירט אויף יידיש מאַנגערס ליד „כ׳האָב זיך יאָרן געוואָלגערט״. 2) פֿראַגמענטן פֿון די מגילה־לידער, מיטן אָנטייל פֿון ליליען לוקס, פּסח בור־שטיין, מייק בורשטיין א״א.

דער צווייטער אָוונט איז פֿאָרגעקומען דעם 2טן אַפּריל 1968 מיט אַן ענלעכער פּראָגראַם. אויך דאָ זײַנען געווען אַ סך נומערן אויף עברית און אויף יידיש, לידער אונטערן טי־טול „מאַנגעריאַדאַ״ האָט פֿאָרגעטראָגן יוסף בולאָוו.

אַ גאָר גרויסער טריומף איז אין 1966-1965 געווען די אויפֿפֿירונג פֿון די מגילה־לידער, אין עקספּערימענטאַלן טעאַ־טער אין יפֿו. אין מיין בוך „איציק מאַנגער״ דערצייל איך גע־נוי וועגן דעם ווי אַזוי די דאָזיקע פּורים־שפּיל־אויפֿפֿירונג האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ קינסטלערישע און קולטור־געזעלשאַפֿט־לעכע געשעעניש. איך ברענג דאָרטן אויסצוגן פֿון די באַ־גייסטערטע אָפּשאַצונגען וועגן אָט דער פֿאָרשטעלונג — אין דער יידישער פּרעסע. אַ לאַנגע צײַט זײַנען די מגילה־לידער־פֿאָרשטעלונגען געגאַנגען איבערן לאַנד ישׂראל, דער דערפֿאָלג איז געווען פֿאַנטאַסטיש. אַפֿילו דער יונגער דור סאַברעס איז פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון גרויסער התלהבות און בײַ יעדער געלעגנהייט געזונגען שטיקער פֿון די מגילה־לידער. לויט דער פֿעסטשטעלונג פֿון צענדליקער באַגלייבטע קריטיקער און פּו־בליציסטן, האָט זיך אין יענע יאָרן אַנטוויקלט אין ישׂראל אַן אמתער איציק מאַנגער־קולט.

די זעלבע טרופּע האָט שפּעטער מיט גרויס דערפֿאָלג און לאַנגע וואָכן געשפּילט די מגילה־לידער אין ניו־יאָרק. די זעל־בע ישׂראל טרופּע האָט אין מײַ 1968 געשטעלט די מגילה־

לידער אין בוענאָס איירעס. די אָרטיקע קהילה האָט אַרויס-געוויזן אַ סך פֿאַרשטענדעניש פֿאַר דער אונטערנעמונג, און אויך מאַטעריעל געהאָלפֿן אַז די פֿאָרשטעלונגען אין טעאַטער „אַרגענטינאַ” זאָלן אַדורך מיט דערפֿאָלג. עטלעכע וואָכן האָבן בוענאָס-איירעסער ייִדן געלעבט מיט דער גרויסער טעאַטראַ-לישער געשעעניש, אומעטום האָט מען געהערט די זיסע מע-לאָדיעס און לידער פֿון איציק מאַנגער. די ייִדישע פּרעסע איז געווען פֿול מיט באַגייסטערטע אַרטיקלען. די טעלעוויזיע האָט געגעבן פֿראַגמענטן פֿון דער פֿאָרשטעלונג.

⁂

איציק מאַנגערן איז נישט באַשערט געווען צו זען אָט די גרויסע דערגרייכונגען פֿון זיינע מגילה-לידער און בייאַגי-זיין ביי די אַלע אויסדרוקן פֿון כבוד און ליבשאַפֿט.

2 יאָר מיט 3 חדשים איז איציק מאַנגער געלעגן אַ פּאַ-ראַליזירטער, אָן לשון, אָן פֿעיִקייט צו שרייבן, — אָבער די גאַנצע צייט ביים פֿולן פֿאַרשטאַנד און באַוווּסטזיין. ער האָט ניט אָפּגעלאָזט געניען פֿון זיך אויף קיין מינוט, זי האָט פֿאַר-שטאַנען אַלע זיינע ווינטשן, אַ סך אים פֿאַרגעלייענט און דערציילט, אַכטונג געגעבן אויף אים ווי די בעסטע קראַנקנ-שוועסטער. און דאָ אין דער גדרה-סאַנאַטאָריע איז געקומען דעם 21סטן פֿעברואַר 1969, פֿאַרנאַכט, דער אויסלייזנדיקער טויט.

⁂

אין 1968 איז אין ישׂראל פּראָקלאַמירט געוואָרן אַן „אי-ציק-מאַנגער-פּרייז פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַטור”. דער קאָ-מיטעט וואָס האָט אָנגעפֿירט מיט דער זאַך איז באַשטאַנען פֿון שזר, אשכול, גאָלדע מאיר, נחום גאָלדמאַן, מאיר וויים-גאל, עגנון, ראַווינאַ, סדן א״א. ביים פֿייערלעכן עפֿנטלעכן אָנאָנסירן די עטאַבלירונג פֿונעם פּרייז, האָט שזר געזאָגט: „דער דיכטער איציק מאַנגער איז געקומען צו אונדז אין דעם האַרבסט פֿון זיין לעבן. מיר האָבן אים געקענט אין זיין פֿרי-

לינג. איצט זעען מיר אים — אַלט און קראַנק. מיר ווינטשן אים פון דער טיפעניש פון אונדזער האַרץ, ער זאָל געזונט ווערן. אַפילו איצט, ווען ער איז זייער קראַנק, האָט ער — אויב ניט ער גופא, איז זיין ווערק — מצליח געווען צו אַנט-פלעקן זיך פאַר דער יוגנט פון ישראל, ער האָט געוואַרעמט און משפיע געווען די הערצער מיט די מאַנגער-אָוונטן וואָס מיר האָבן דאָ געהאַט. איך וויל איבערשיקן דורך זיין פרוי, וואָס געפינט זיך איצט דאָ מיט אונדז, דאָס וואָרט פון האָפ-נונג אַז ער וועט קומען צו אַ רפואה שלימה און ער וועט קענען הנאה האָבן פונעם גרויסן דערפאָלג וואָס ער האָט דאָ געוווּנען. ער האָט דערגרייכט די הערצער פונעם פאָלק אין ישׂראל".

מאיר וויסגאַל, דער באַקאַנטער עסקן און בויער פון ווייצמאַן-אינסטיטוט אין רחובות, דערציילט אין זיין אויטאָ-ביאָגראַפיע „מיין לעבנס-געשיכטע" — ווי אַזוי עס איז גע-קומען צו דער פראָקלאַמירונג פונעם מאַנגער-פאָנד: „ערבֿ דעם 20-יאָריקן יובֿילײ פון דער מדינה האָב איך פאָרגעשלאָגן די מענטשן פון „מלכות", אַז איינער פון די ישׂראל-פרייזן זאָל צוגעטיילט ווערן דעם לירישן פּאָעט איציק מאַנגער פאַר זיין ביישטייערונג צו דער ייִדישער ליטעראַטור. די ישׂראל-פרייזן וואָס ווערן פאַרטיילט אין יום העצמאות, ווערן געגעבן פאַר-שיידענע אַקאַדעמישע, וויסנשאַפטלעכע און ליטעראַרישע דערגרייכונגען... ווען איר לייענט מאַנגערן, פילט איר ווי זינגענדיק און טאַנצנדיק. אין יענער צייט איז מאַנגער געווען האָפענונגסלאָז קראַנק.

„די קאָמיסיע וואָס האָט געדאַרפט באַשטימען די פרייזן, האָט געהאַלטן ביים מסכים זיין, ווען דער סעקרעטאַר וועל-כער איז — איך באַדויער דאָס צו זאָגן — געשטיצט געוואָרן דורך געוויסע זייער אָנגעזעענע העברעיִשע שרייבער, האָט געדראָט אַז ער וועט רעזיגנירן און מאַכן אַן עפנטלעכן סקאַנ-דאַל. די מלחמה איז פון דאָס ניי אָנגעגאַנגען. איציק מאַנגערן איז ניט צוגעטיילט געוואָרן קיין פרעמיע... איך בין אַוועק צום פּרעזידענט פון דער מדינה און האָב אים געזאָגט, אין ייִדיש, אַז דאָס איז ניט אָנשטענדיק, אַז דאָס איז אַ חרפה,

פּראָווינציעל אַאַז״וו. זלמן שזר איז, ווי באַקאַנט... איינער פֿון די פֿײַנסטע שריפֿטשטעלער בײַ ייִדן... איך האָב אים גע־זאָגט, אַז איך בין גרייט צו שאַפֿן מיט מײַנע אייגענע מיטלען אַן איציק מאַנגער־פּרײַז פֿאַר ייִדישער ליטעראַטור, אויב ער וועט איינשטימען איבערצונעמען דעם ערן־פֿאָרזיץ פֿון קאָ־מיטעט. ער האָט באַלד אויפֿן אָרט אָנגענומען... דערנאָך בין איך געגאַנגען צו ש. י. עגנון און האָב אים דערציילט מײַן געשיכטע... איז זײַן ענטפֿער געווען גאָר אינטערעסאַנט: „מיינט איר ניט, אַז עס וואָלט געווען משונהדיק פֿאַר מיר אָנצושליסן זיך אין אַ קאָמיטעט פֿאַר ייִדישער ליטעראַטור?״... איך האָב אים געזאָגט: „מר. עגנון, דאָ איז קיינער נישטאָ אַחוץ אייך און מיר. איר ווייסט, אַז איר שרײַבט ייִדיש, נאָר אויפֿן פּאַפּיר קומט עס אַרויס העברעיִש״. זײַן איינציקער ענט־פֿער איז דאַן געווען: „אויב איר האָט זיך גענומען די טירחה צו קומען פֿון רחובות קיין ירושלים און מיך בעטן, — ווי אַזוי קען איך אָפּזאָגן?״.

איך האָב צוגעגעבן צום קאָמיטעט לוי אשכולן, גאָלדע מאיר, זלמן אראנע (דעמאָלסדיקער בילדונגס־מיניסטער), דעם מאָלער ראובן רובין; שלום ראָזענפֿעלדן, איינעם פֿון די רע־דאַקטאָרן פֿון „מעריב״, איציק מאַנגערס אַ נאָענטער פֿרײַנד וועלכער האָט במשך פֿון יאָרן זיך אָפּגעגעבן מיט העלפֿן דעם פֿאַרנאַכלעסיקטן און אָרעמען פּאָעט; און אליעזר רובינשטיין, עגנונס ייִדישן איבערזעצער, וועלכער איז געוואָרן סעקרעטאַר פֿונעם קאָמיטעט.

„אין דער צײַט ווען עס זײַנען פֿאַרטיילט געוואָרן די ערשטע פּרײַזן, איז איציק מאַנגער שוין געווען אַ שוכן עפֿר. די ערשטע לאַורעאַטן פֿון דעם פּרײַז זײַנען געווען אברהם סוצקעווער און אהרן צייטלין. אַ ספּעציעלע פּרעמיע פֿון צען טויזנט פֿונט איז צוגעטיילט געוואָרן מאַנגערס פֿרוי, וועלכע האָט איבערגעגעבן דאָס געלט דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט אין ירושלים פֿאַר גרינדן אַ מאַנגער־אַרכיוו.״(*)

---

*) „פֿאָרווערטס״, מערץ 15, 1973. — געקירצט דורך מיר.
**עד כאן** (אויטוביוגראפיה) ירושלים, ספרית „מעריב״ 314 עמודים.

# די ייִדישע ליטעראַטור אין טרויער

תּל־אָבֿיבֿ

**מ. גראָס־צימערמאַן** — „ביים ארון פֿון איציק מאַנגער“:

„די גאַסן זײַנען טונקל מיט טויזנטער ייִדן, וואָס שטייען ארום בית טשערניכאָווסקי, דאָס הויז פֿון העברעיִשן שרײַבער־פֿאַראיין. דאָרט איז אָוועקגעשטעלט פֿאַר דער לוויה דער אָרון פֿון איציק מאַנגער. בײַם אָרון זיצן געניע מאַנגער און שיינדעלע, מאַנגערס שוועסטער, און אַרום שטייט אַן ערך־וואָך פֿון ייִדישע שרײַבער.

„דער נשיא פֿון דער מדינה איז געקומען צו דער לוויה צוזאַמען מיט פֿרוי שזר. געווען זײַנען אויך דער קולטור־מיניסטער און גאָלדע מאיר, און דער בירגערמייסטער פֿון תּל־אָבֿיבֿ יהושע ראַבינאָוויטש, ייִדישע און העברעיִשע שרײַבער, לערער, קולטור־טוער, פּראָפֿעסאָרן פֿון די אוניווערסיטעטן און מאַסן פֿאָלקס־מענטשן, ערלעכע חסידים, פֿאַרליבטע אין דעם כּישוף פֿון מאַנגערס ליד.

„מהדרין פֿון ייִדישע מינהגים, וואָס האָבן אַלעמאָל ליב אַז עפּעס טאָר מען נישט, האָבן אויסגעפֿונען אַז אין חודש אָדר ווען משה רבינו איז נפֿטר געוואָרן, איז מען זיך נוהג ניט מספּיד צו זיין. — האָט דעריבער בלויז דער פֿאָרזיצער פֿון ייִדישן שרײַבער־פֿאַראיין געזאָגט בײַם אָרון עטלעכע קורצע אָפּשייד־ווערטער. איצט גייט די לוויה צום אַלטן בית עלמין נחלת יצחק. שטייען מיר בײַם אָפֿענעם קבר פֿון איציק מאַנגער: אַזאַ שטראַלנדיקע, זינגעוודיקע, ווארעם־קאָלירעדיקע וועלט זאָל זיך זמיעשטשען אין אַ שמאָל שטיקל ערד!

„דערנאָך האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך האָב נישט לאַנג געזען ביַי מאַנגערס קראַנקן־בעט, ווי עס זעצט זיך די זון אויף דעם בינטל צעבראָכענע ביינער, וואָס ווערן דאַרער פֿון טאָג־צו־טאָג, — האָב איך שוין פֿאַרשטאַנען, אַז די נאַטור האָט מסתמא געטאָן אַ חסד מיט איציק מאַנגערן, וואָס זי האָט באַרויִקט זיַינע לעצטע רגעס און באַשערט אַ גרינגן סוף צו זיַין געפּיַיניקטן לעבן.

„זיַין געשטאַלט אין דער יידישער דיכטונג איז אויסטערליש און אינטים — און אַלע האָבן אַלעמאָל געפֿילט — פּונקט אַזוי דאַרף אויסזען אַ פּאָעט ביַי יידן: דין, שאַרף, אַביסל באַלכסון, ווילעריש און שווערמוטיק, מיט העזה און מעלאַנכאָליע.

„אַזוי איינזאַם זיַין אין סאַמע מיטן פֿון אַזאַ ברייטער באַליבטקייט — דערויף דאַרף אַ דיכטער אַ גאַנץ לעבן אַרבעטן. זיַין איינזאַמקייט ציט זיך איבער דעם גאַנצן שטח פֿון זיַין פּאָפּולאַריטעט — און דאַכט זיך, ער האָט אַלעמאָל ליב געהאַט די אַליינקייט פֿון ראָמאַנטיקער: אַ ווירטואָז אין דער ראַפֿינירטער טעכניק און נישט קאָנען זיך קיין עצה געבן אין איר לעבן. דאָס האָט ער אַלעמאָל געקאָנט. — — — *)

**ניו־יאָרק.**

**„די צוקונפֿט"** (מערץ 1969) האָט אָפּגעגעבן איציק מאַנגערן דעם לעצטן כבוד אין אַ טרויער־אַרטיקל פֿון דער רעדאַקציע, אונטערגעשריבן **ש. ב. (שלמה ביקל):**

„דאָנערשטיק, דעם 20סטן פֿעברואַר פֿאַרנאַכט (22 טעג אין חודש אדר) איז פּלוצים געשטאָרבן איציק מאַנגער. איך זאָג פּלוצים, הגם ער איז געווען פּאַראַליזירט און איז מער ווי דריַי יאָר געלעגן צוגעשמידט צום בעט. אָבער דווקא מיט אַ צוויי וואָכן פֿאַר דער פּטירה איז אָנגעקומען קיין ניו יאָרק אַ בריוו פֿון זיַין פֿרוי געניע, אַז מאַנגער פֿילט זיך אַביסל שטאַרקער און קאָן אַרויסזאָגן מער ווערטער ווי ביז איצט. מיט די עפּעס מער ווערטער האָט ער דאָנערשטיק פֿאַרנאַכט

*) געקירצט.

געפירט אַ שמועס מיט זיין פרוי, און אין מיטן שמועס, אין מיטן פון אַ וואָרט וואָס ער האָט זיך געמיט אַרויסצוברענגען מיט זיין פּאַראַליזירטער צונג, איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן — אויף אייביק. ער איז אַלט געווען 68 יאָר, ווייניקער דריי חדשים.

„איציק מאַנגער האָט אין זיינע באַלאַדן, אין זיינע חומש־לידער, אין זיינע מגילה־לידער, אין זיינע פּרעכטיקע געזאַנגען אויף דער קאַנווע פון מגילת רות, אין די ראָמעאָ־בריוו אין פערזן פון וועלוול זבאַראַזשער צו זיין יוליעטאַ, מלכהלע דער שיינער, און אין דער אַנטאָלאָגיע פון „פעלקער זינגען" און אין דעם האַרץ־רייסנדיקן און געמיט־דערהויבנדיקן „האָצ־מאַך־שפּיל" — אין די אַלע ווערק האָט ער אינאיינעם מיט עטלעכע אַנדערע געציילטע דיכטער געלייגט דעם יסוד פון אומשטערבלעכקייט פאַר אונדזער יידיש פּאָעזיע.

„ווי קיינער פאַר אים און קיינער נאָך אים האָט מאַנגער אויפן סאַמע ראַפינירטסטן און קינסטלעריש־דינסטן אופן אַרויסגעבראַכט די גאַנצע סקאַלע פון געפילן און געמיטשטי־מונגען פונעם יידישן פאָלקסליד איבער אַלע דורות. עס איז אין מאַנגערס ליד דאָ די פרייד און דער טרויער פון דורות יידישן פאָלקס־געזאַנג, וואָרעם אַזוי פריידיק און אַזוי טרויע־ריק אין איינעם, וואָס דאָס איז די העכסטע מדרגה, סיי פון פרייד און סיי פון טרויער, קאָן גאָר דאָס ליד פון איין דיכ־טער נישט זיין.

„ביי אונדז און ביי זיי, אין אונדזער אייגענעם אויבסט־גאָרטן פון דיכטונג און אין די פּאָעזיע־גערטנער פון די או־מות העולם, איז מאַנגערס ליד אַ זעלטענע פרי: עס איז אַ זעלטן שיינע און פּיקאַנטע פרי, וואָרעם עס איז אַ ליד, וואָס איז אַזוי איינפאַך און פשוט און אין דער זעלבער צייט אַזוי ראַפינירט:

„עס איז אַ ליד, וואָס איז אַזוי האַרצרייסנדיק טרויעריק און צו דער זעלבער צייט פול מיט איראָנישן שמייכל און מיט זוניקן הומאָר:

„עס איז אַ ליד, ווו דער זשעסט פֿון לעסטערונג און דער הייסיק-רעליגיעזער ציטער זײַנען „אַזוי פֿון גאָט אַ פּאָר".

„נישט נאָר די קריטיק האָט אָפּגעשאַצט דעם גרויסן קינסט-לערישן ווערט פֿון מאַנגערס ליד און האָט אים, דעם זון פֿון זיין עקסעלענץ דעם שניידער-מייסטער, אַוועקגעזעצט אין דער סאַמע מזרח-וואַנט פֿון אונדזער פּאָעזיע, אין דער סאַמע נאָענט פֿון אונדזער דיכטערישן אָרון קודש, נאָר אויך דאָס ייִדישע פֿאָלקס-געמיט האָט אויפֿגענומען מיט גרויס אָנערקענונג און מיט ליבשאַפֿט מאַנגערס געזאַנג.

„איציק מאַנגער איז אין אונדזער דור געווען איינער פֿון די סאַמע גרעסטע און באַליבטסטע דיכטער פֿון ייִדישן פֿאָלק. זיין ליד און זיין נאָמען וועלן גיין איבער דורות". *)



מאַנגערס לוויה איז געווען אַ קעניגלעכע. טויזנטער מענ-טשן, ממש טויזנטער זײַנען דורכגעגאַנגען דעם ארון: פֿון אַלע שיכטן פֿון פֿאָלק אָנהייבנדיק פֿון מלוכה-פּרעזידענט, מי-ניסטאָרן, חברי כנסת, און פּשוטע ייִדישע ייִדן, וועמען ס'איז טײַער די ייִדישע ליטעראַטור און ייִדישע דיכטונג, און טייער — איציק מאַנגער.

*) געקירצט.

# די וואָכן און חדשים פֿון איציק מאַנגערס קראַנקהייט

במשך די דרײַ יאָר פֿון איציקס צוגעשמידקייט צום קראַנ־קן־בעט, האָב איך געהאַט אַ סך בריוו פֿון געניע מאַנגער. דאָס זײַנען הארצרײַסנדיקע טראַגישע בריוו. איך וועל זיי דאָ צי־טירן מיט געוויסע קיצורים, — פֿאַרשטייט זיך, מיט דער דער־לויבעניש פֿון געניע מאַנגער.

**27סטער אַפּריל 1966.**

„ליידער איז מאַנגער זייער קראַנק. ער ליגט אין שפּיטאָל שוין הײַנט פֿיר וואָכן. עס זעט זיך גאָרנישט קיין בעסערונג. פֿאַרקערט".

**17טער פֿעברואַר 1967.**

„מיר קומט נישט אָן גרינג צו שרײַבן. איך בין צוגעבונדן צו מאַנגערן 20 שעה מעת לעת. אָבער טאַקע ממש צוגעבונדן. יאָ, מיר האָבן דערהאַלטן אײַער אַרטיקל... האָב עס געלייענט פֿאַר מאַנגערן צוויי מאָל. עס האָט אים פֿאַרשאַפֿט אַ סך פֿאַר־געניגן. — — דאָ אין לאַנד איז איצטער בכלל אַ גאַנצע אויפֿ־רודערונג מיט מאַנגערן. מיט עטלעכע טעג צוריק (זונטיק, דעם 12טן פֿעברואַר) איז פֿאָרגעקומען אַ מאַנגער־אָוונט אין תּל־אָבֿיבֿ אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט די גרעסטע קינסטלער פֿון לאַנד מיט חנה ראַווינאַ בראש. אַלע פֿרייוויליק און מיט גרויס ליבשאַפֿט. צום אָוונט זײַנען געקומען איבער דרײַ טויזנט מענטשן. די בילעטן זײַנען אויספֿאַרקויפֿט גע־וואָרן דרײַ וואָכן פֿאַרן אָוונט פֿאַר די העכסטע פּרײַזן, און מען האָט געמוזט האַלטן אין איין אַנאָנסירן אין די צייטונ־

גען און דורך דער ראַדיאָ, אַז אַלע בילעטן זײַנען אויספֿאַר־קויפֿט, ווײַל מען האָט זיי פֿאַרמוטשעט אין די רעדאַקציעס מיט טעלעפֿאָנען וועגן בילעטן. צווישן פּובליקום זײַנען געווען אַלע מיניסטאָרן פֿון דער רעגירונג און בכלל די שענסטע אינ־טעליגענץ. אַזאַ כבוד און פֿאַרערונג האָט נאָך נישט זוכה געווען קיין שום יִדישער אָדער העבּרעיִשער פּאָעט, אַפֿילו נישט ביאַליק ז״ל. ס'האָט ממש אויפֿגערודערט דאָס לאַנד.

„אָבער וואָס קומט אַרויס דערפֿון? איך וואָלט גערן פֿאַר־ציכטעט אויף אַלץ אין דער וועלט פֿאַר איין ביסעלע געזונט פֿאַר מאַנגערן. לײדער, איז ער זייער קראַנק און — מער קען איך אייך וועגן דעם נישט שרייבן...

**7טער אָקטאָבער 1967.**

... „מאַנגערס פֿיזישער מצב איז זייער אַ שווערער. ער איז בײַם פּולן באַוווּסטזיין, דער מוח אַרבעט, און דעריבער זײַנען די גייסטיקע לײַדן נאָך פּיינלעכער. עס איז נישט פֿאַר מיינע גייסטיקע כּוחות צו קענען שילדערן אָט די טיפֿע טראַ־געדיע איציק מאַנגער. איך לעב עס אָבער זייער שטאַרק אי־בער. יעדע מינוט פֿונעם טאָג און פֿון דער נאַכט. איך לעב עס איבער נישט נאָר גייסטיק, נאָר ממש פֿיזיש. אָט דאָס איז דער גורל און לוין פֿון דעם פּאָעט: פֿריער מאַני לייב, דער־נאָך לייוויק און איצט — מאַנגער. צו וועמען האָבן טענות? פֿאַר וועמען זיך באַקלאָגן? אָט אַזוי איז עס און — פֿאַרטיק!

**17טן יולי 1968.**

... „מאַנגערס מצב? דער זעלבער. ניין, מיין פֿריינד, דאָס איז נישט קיין קראַנקהייט וואָס ער קען בייקומען. ס'איז בלויז אַ לאַנגזאַמער פּראָצעס פֿון מוטשעניש. ס'איז אַ מין ווילדע איראָניע פֿון דער נאַטור, ווי ער ליגט שוין דרײַ יאָר און ראַנגלט זיך מיטן טויט, און זיין נאָמען שפּאַצירט אַרום אי־בער דער וועלט און מאַניעט ווי אַ כּישוף. יאָ, די נאַטור גלעט אים יונג שלאָגט אים אין דער זעלבער צייט.

**27סטער אויגוסט 1968.**

„אייער שיינע מתנה, דאָס בוך „איציק מאַנגער" דער־האַלטן. אָבער וווּנדערט זיך ניט וואָס איך ענטפֿער אַזוי שפּעט אויף דעם. טראָץ דעם וואָס איר האָט אַרויסגעשיקט דאָס בוך מיט לופֿט־פּאָסט, איז עס ערשט אָנגעקומען אַהער פֿרייטיק, דעם 23סטן. אייער בוך האָב איך געמוזט פֿאַר מאַנגערן תיכף ומיד איבערלייענען אין גאַנצן אין איין אָטעם. ער האָט מיך נישט געלאָזט אַפֿילו עפֿענען אינצווישן די צייטונג און אַ קוק טאָן אויף די נייעס. איצט לייענען מיר עס צום צווייטן מאָל. ער זאַפּט אַריין אין זיך יעדער וואָרט און דריקט אויס אַ סך צופֿרידנקייט, אַזוי אַז פֿאַר אים גופֿא האָט איר געטאָן זייער אַ סך. אַז איר האָט עס געשריבן מיט גרויס ליבשאַפֿט צו אים — פֿילט מען אַרויס אין יעדער שורה. — איך פֿאַרשפּאַר אייך צו זאָגן, אַז איך אַליין האָב אויך דערפֿון גרויס הנאה. אַ האַר־ציקן דאַנק און אַ יישר כוח אייך, טייערער פֿריינד קאַזדאַן.

... ביי אונדז זיינען קיין גרויסע ענדערונגען נישט פֿאַראַן. און אפֿשר דאַרף מען גאָר זאָגן „דאַנקען גאָט דערפֿאַר"? צרות האָבן דען אַ גרענעץ?"

**2טער נאָוועמבער 1968.**

„. . . נאָרמאַל קומט מיך מאַנגערס שוועסטער אָפּלייזן אויף אַ טאָג איין מאָל אַ וואָך, אַמאָל איין מאָל אין צוויי וואָכן . . . דאָס מאָל האָט זיך מיין שוועגערין ניט באַוויזן צוויי חדשים מחמת קראַנקשאַפֿט, און ווען זי איז שוין ענדלעך געקומען, בין איך שוין אַליין געווען טויט קראַנק . . . לעבן מאַנגערן איז אוממעגלעך אָפּצורייסן אַ מינוט פֿאַר אַזאַ מין צוועק (שרייבן אַ בריוו). ער פֿאָדערט יעדער מינוט פֿאַר זיך. אייער בוך שוין צענדליקער מאָל געלייענט פֿאַר אים, פֿאַר זיך, און שטענדיק איז עס גוט, אינטערעסאַנט. אַ גרינטלעכע שטודיע וועגן מאַנ־גערן ניט נאָר דער דיכטער, נאָר אויך דער מענטש וואָס שטייט הינטער דער דיכטונג.

**30סטער יאַנואַר 1969.**

„. . . מאַנגער איז ווי אַלעמאָל פֿאַרקלעמט און פֿאַרבענקט. ס'האָבן זיך אים דערעסן די פֿיר ווענט, דאָס בעט. נעכטן האָט ער צוגענומען פֿון זיין שוועסטער שיינדעלע דעם שליסל פֿון איר הויז. ער קלאַמערט זיך אין דעם שליסל, אין אַ לעצטער האָפֿענונג, און לאָזט אים נישט אַרויס פֿון האַנט אַפֿילו ווען ער שלאָפֿט איין. מיין פּען איז ווייט צו שוואַך צו קענען איבערגעבן אַזוינע פּאַטעטישע מאָמענטן. מיט וועלכע ווערטער קען מען שילדערן אַזאַ איבערלעבונג? זען דאָס בילד ווי מאַנגער שלאָפֿט מיטן שליסל איינגעקלאַמערט אין זיין האַנט . . . די שוועסטער לייזט אויף איר צער דורך טרערן. איך — אונטערדריק מיינע, אָבער דאָס האַרץ ווערט צעריסן פֿון דעם בילד. דאָס וויל ער נעבעך מיט דעם שליסל גיין צוריק אַהיים . . .

**12טן מערץ 1969.**

„נו, בין איך שוין אויך פֿון די געטראָפֿענע . . .

יאָ, עס איז אמת, ליבער פֿריינד, איר האָט מאַנגערן פֿאַרשאַפֿט אַ גרויסע פֿרייד, און גוט וואָס עס איז געקומען אין צייט . . .

דאָ קומען פֿאַר אַ סך טרויער־אַקאַדעמיעס נאָך אים און יעדער איז דאָ טיף גערירט און צעטרייסלט פֿון דער געשעעניש. אָבער מיר און זיין שוועסטער פֿעלט ער שטאַרק פֿיזיש. ער האָט מיטגענומען אונדזערע ביידנס הערצער מיט זיך . . .

נעכטן האָב איך באַקומען פֿון בוקאַרעשט, רומעניע, אַן אַנטאָלאָגיע אין דייטש פֿון אַמעריקאַנער, ענגלישע, פֿראַנצויזישע, רוסישע און כינעזישע קלאַסיקער. מאַנגער איז דאָרט פֿאַרטראָטן מיט 41 זייטן פּאָעזיע. דער איינציקער יידישער ליריקער, און מ'גיט אים אָפּ מער זייטן ווי אַלע צוזאַמען אַמעריקאַנער קלאַסיקער, ווי אַלע ענגלישע, פֿראַנצויזישע און כינעזישע. פֿון די רוסישע איז בלויז פֿאַרטראָטן ס. יעסיענין מיט פֿינף זייטן. אַ שאָד וואָס עס איז געקומען צו שפּעט. די איבערזעצונג איז זייער אַ גוטע".

***

איציק מאַנגער איז מער ניטאָ מיט אונדז. אָבער זיין שטימע איז פֿאַראייביקט געוואָרן. אַכצן לידער האָט דער דיכטער רעקאָרדירט אויף אַ פּלאַטע. מיר הערן זיי אים פֿאַרלייענען.

אין אַ בריוו צו מיר דערציילט שלום ראָזנפֿעלד, דער איניציאַטאָר פֿון דער רעקאָרד־אונטערנעמונג: „דאָס איז אַ פּאַטעטישע געשיכטע פֿאַר זיך . . . מאַנגער איז שוין געווען נאָך זיין ערשטן לייכטן פּאַראַליטש, און ער האָט שוין גע־האַט שוועריקייטן אין רעדן. אָפֿט האָט ער זיך ביי איין זאַץ פֿאַרהיקעוועט אַזוי עקשנותדיק, אַז מען האָט געמוזט אי־בעררייסן די אַרבעט אין סטודיאָ. מער ווי דרייסיק שטונדן האָט געדויערט ביז מיר האָבן ענדלעך געמאַכט די דאָזיקע פּלאַטע".

די פּלאַטע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך „קאָלומביאַ בראָדקעסטינג סיסטעם" (סי־בי־עס). דער רעקאָרד עפֿנט זיך מיט אַן אָפּשאַצונג אין יידיש און העברעיִש פֿון דב סדן, אין ענגליש — לענאַרד וואָלף. די זעלבע סי־בי־עס האָט אויך אַרויסגעגעבן „די מגילה פֿון איציק מאַנגער" — מיט דער משפּחה בורשטיין און רעזשי פֿון דב זעלצער.

ווען איר הערט זיך צו צום רעקאָרד „איציק מאַנגער לייענט איציק מאַנגער", נעמט אייך אַרום אַ ציטער אין האַרצן. ער לייענט שטיל, צומאָל איינטאָניק. ער מיידט אויס אַרטיסטישע עפֿעקטן. עס איז ניט די גוט באַקאַנטע אַמאָליקע שטימע און אַמאָליקער אופֿן פֿון מאַנגערס רעציטאַציע. עס רעדט דער קראַנקער פּאָעט. נישט יעדער צוהערער גיט זיך אָפּ אַ רעכענונג וועגן דעם . . .

עס איז געווען אַ גרויסער אויפֿטו פֿון תל־אָביב. געבליבן אַ רייכע, הייליקע ירושה לדורות.



צום ערשטן יאָרצייט פֿון איציק מאַנגער איז אין דער נאַציאָנאַלער אוניווערסיטעט־ביבליאָטעק אין ירושלים געעפֿנט געוואָרן אַ ספּעציעלער זאַל אויפֿן נאָמען פֿון דעם פּאָעט. דאָ

זיינען אויסגעשטעלט אַלע מינים מאַטעריאַלן וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן לעבן און שאַפן פונעם דיכטער, אויך אַלע זיינע ווערק אין ייִדיש און אין די פאַרשידענע אויסגאַבעס און שפּראַכן־איבערזעצונגען. די ווערק און די מאַטעריאַלן ווערן איצט זיין צוטריטלעך פאַר דער אַקאַדעמישער יוגנט און פאָרשערס. די אויסגעשטעלטע מאַנוסקריפּטן, בריוו, פאָטאָגראַפיעס, ביכער, רעקאָרדס — רופן אַרויס אַ שטאַרקן אינטערעס.

איציק מאַנגערס שוועסטער שיינדל איז באַערט געוואָרן מיט דורכפירן די צערעמאָניע פון עפענען די אויסשטעלונג. ס'איז איבערגעלייענט געוואָרן אַ טעלעגראַפישער דאַנק־אויסדרוק פון מאַנגערס אלמנה געניע, פון ניו יאָרק.

אַ גרויסער עולם פון אָנגעזעענע שריפטשטעלער און וויסנשאַפטלער, אויך אַ סך יוגנטלעכע, זיינען געקומען צו דער דערעפענונג פון איציק מאַנגער־ז״ל. דער פּרעזידענט פון אוניווערזיטעט, אברהם הארמאַן, האָט געעפנט די אָנדענק־צערעמאָניע מיט אַן אָפּשאַצונג וועגן איציק מאַנגערס שאַפן. דב סדן האָט געהאַלטן אַ לעקציע וועגן מאַנגערס ווערק און זיין אָרט אין דער ייִדישער ליטעראַטור. מאיר וויסגאַל האָט געשילדערט די אייגנאַרטיקע פּערזענלעכקייט פונעם דיכטער. הערץ גראָסבאַרד האָט געלייענט איציק מאַנגערס פינף פּאָעמעס. נחמה ליפשיץ האָט געזונגען עטלעכע לידער מאַנגערס. שלום ראָזנפעלד, וועלכער האָט זיך אַ סך באַמיט פאַרן גרינדן דעם מאַנגער־ז״ל אין ירושלימער אוניווערסיטעט, האָט געהאַלטן אַ הספד נאָך דעם דיכטער.

מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָט געניע מאַנגער באַזוכט דעם מאַנגער־אַרכיוו און האָט מיר געשריבן אין אַ בריוו פון 13טן יולי 1970:

„געווען דאָ אין ירושלימער אוניווערסיטעט און באַזוכט דעם מאַנגער־אַרכיוו. ווען איר וואָלט געקענט זען, חוץ דעם אַרכיוו, די מאַנגער־אויסשטעלונג אויסערן צימער פון אַרכיוו, אין אַ שיינעם לאַנגן טיש אונטער גלאָז און שלאָס, אַלע מאַנגערס ביכער, אויך איבערזעצטע אין ענגליש, דייטש און האָ־

לענדיש, — צווישן זיי אַלע שיינט אַרויס אייער בוך „העגן מאַנגערן, — וואָלט איר זיך באמת דערפילט באַלוינט און באַפרידיקט. אַט די אויסשטעלונג, זייער עסטעטיש געמאַכט, איז פריי פאַר סטודענטן און באַזוכערס פון אוניווערסיטעט.

דעם אַרכיוו גופא נעם איך זיך נים אונטער צו באַשרייבן. דאָס מוז מען זען מיט די אייגענע אויגן. איך קען אייך בלויז זאָגן, אַז מאַנגער איז איצט, נאָך ח. נ. ביאַליק, דער באַליבסטער פּאָעט אין ישראל, סיי ביים עלטערן דור און סיי ביי דער יוגנט. וואָס שייך דעם אַרכיוו, דאַרף זיך ניו־יאָרק קומען לערנען ווי אַזוי צו פאַראייביקן אַ גרויסן דיכטער.

דעם 22סטן ד. ח. גייט מען דאָ אויפפירן מאַנגערס „חומש־לידער" אין אַ זאַל וואָס נעמט אַריין העכער דריי טויזנט מענטשן און מיט די בעסטע ישראלדיקע אַקטיאָרן אַלס אָנטיילנעמער, פּראָטעזשירט פון פּרעמיער פרוי גאָלדע מאיר. זיי קלייבן זיך געבן בלויז פיר פאָרשטעלונגען אין די דריי גרעסטע שטעט תל־אָביב, ירושלים, חיפה, אין די גרעסטע זאַלן, און די פערטע פאָרשטעלונג ביים פעסטיוואַל אין קיסריה. עס איז צו קאָסטבאַר צו שפּילן דאָס אין קלענערע זאַלן אין די קלענערע שטעט און קיבוצים. דאָס אַלץ קומט פאָר אין ייִדיש. מאַנגער האָט ענדגילטיק דורכגעבראָכן די וואַנט".

# לזכר איציק

אַרבעטנדיק איבער מײַן ערשטן בוך „איציק מאַנגער" און איצט איבער זײַן צווייטן טייל — וועגן די לעצטע דרייסיק יאָר פֿון איציק מאַנגערס לעבן און שאַפֿן, — האָט זיך פֿאַר מיר אַנטפּלעקט דאָס פֿולע שיינע געשטאַלט פֿון דיכטער, זײַן גײַסטיקע פּערזענלעכקייט, דער גוטער אײדעלער מענטש און מענטשן־פֿרײַנד, דער סימבאָל און די פֿאַרקערפּערונג פֿון ייִדישן טרויער, ייִדישער שיינקייט, פֿרייד און וואָרט־שפּיל.

אַ גרויסער ייִדישער פּאָעט וואָס איז געווען הייס באַליבט ביים ברייטן פֿאָלק — איז אַוועק פֿון אונדז.

זײַן טויט — אַן אומהיילבאַרע וווּנד און אבידה פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַטור, באַזונדערס פֿאַר דער ייִדישער פּאָעזיע.

אַ גרויסער פֿרײַנד פֿון ייִדישן פֿאָלקס־מענטשן, פֿון זײַן גורל און לײַדן — האָט אונדז פֿאַרלאָזן.

אַ וווּנדערלעכער פֿאַרשטייער און אויסטײַטשער פֿון ייִדישן פֿאָלקסליד, אַליין געוואָרן אַ לעגענדע — איז אָפּגעווישט געוואָרן.

אַ לעבן פֿון שעפֿערישן עקספּערימענט און דערגרייכונג, אין שטענדיקער יאָגעניש נאָך ווײַטע העלע שטערן — איבערגעריסן.

פֿאַרשוווּנדן אַזאַ קוואַל פֿון אינטויִציע און פֿאַנטאַזיע, פֿון שיינקייט, נשמהדיקייט און גײַסטיקייט.

געשטאָרבן דער גאון פֿון ייִדישער פּאָעטיק.

איציק מאַנגער האָט געוווּסט אַז ער איז זייער קראַנק. אין עטלעכע לידער האָט ער זיך געזעגנט מיט דער וועלט, מיט זיינע לייענער, מיט זיינע פריינד און נאָענטע. ער האָט צוויי לידער געשריבן מיטן נאָמען „עפּילאָג", איין ליד — „עפּיטאַף", און דאָס באַריממט־געוואָרענע ליד „כ'האָב זיך יאָרן געוואָלגערט". זיינע געזעגענונגס־לידער וועלן קיינמאָל ניט פאַרשטומט ווערן:

איך בין מיד, אַ גוטע נאַכט,
ס'קלעפּן שווער זיך מיינע אויגן,
ווי אַ חלום איז פאַרפלויגן
לעבן, ליבע און געדאַכט.
איך בין מיד, איך בין מיד, אַ גוטע נאַכט.
ס'קלעפּן שווער זיך מיינע אויגן.

— — — — — — — — — — — — — — —

דאָ ליגט די טרויעריקע מידע נאַכטיגאַל,
צום ערשטן מאָל אין אַן אייגן בעט,
דער שניידער־געזעלן בראַדיאַגע און פּאָעט,
דער אויף תמיד פאַרשטומטער לידער־קוואַל.

— — — — — — — — — — — — — — —

מיין גאָט, מיין האַר, מיין באַשאַפער,
לייטער מיך אויס אין דיין שיין, —
אָט ליג איך פאַר דיר אויף אַ וואָלקן,
פאַרוויג מיך און שלעפער מיך איין.

⁂

איינגעהילט אין טיפער אבלות האָט די יידישע פּאָעזיע באַגלייט דעם דיכטער צום פאַנטעאָן פון אונדזער ליטעראַטור.

נאָך דער פּראָצעסיע גייט נאָך דאָס ניט־פאַרענדיקטע ליד פון איציק מאַנגער. אין שטומקייט איז פאַרבליבן דאָס ניט־דערזונגענע געדיכט

אין וואַנדער, אין פּיין און יסורים, אין ביטערן גורל איז זיין לעבן אַריבער, און איצט קען ער זאָגן די זעלבע ווערטער, ווי זיין נאָענטער פריינד און חבר מאַני לייב:

„און ווייגען וועט די ערד אַליין
מיט יעדן מינדעסטן שטויב און שטיין,
ווען זי וועט מיך פאַרדעקן".

⁂

לאָמיר לאָזן אַ מנין יידישע שריפטשטעלער נעמען אָפּ־שייד און זיך געזעגענען מיט איציק מאַנגערן:

## חיים גראַדע

„מאַנגער איז דער העכסטער קינסטלערישער אויסדרוק פון אַ פּאָעט אַ זינגער... איציק מאַנגער האָט אין זיך איינגע־זאַפּט און אויפסניי איבערגעדיכטעט דעם גאַנצן פּרימיטיוו פון יידישן פאָלקסליד — אין זיינע וווּנדערלעכע חומש־ און מגילה־מאָטיוון און אין זיין ריינסטער ליריק.

„ער איז אַזוי ריין, נאַטירלעך און פריי, אַז איר ווערט דערפרייט און אַנטציקט פון דער שעפערישקייט און אויך בריהשקייט אין זיין ליד, אַפילו ווען דער עצם מאָטיוו איז אומעטיקער. מאַנגער איז אויך תמיד אָפּגעהיט ניט גע־שטרויכלט צו ווערן מיט איבערגעלאָדענע מעטאַפאָרעס. ער מיידט אויס צו קאָמפּליצירטע פאַרגלייכן, און האָט אַ ווידער־ווילן צו דערפינדערישע און קאָמבינירטע גראַמען... מען זעט קלאַסישע איינפאַכקייט, די האַרמאָניע פון וואָרט און מוזיק... ער איז נישט לייכטזיניק, אָבער לייכט און שטיפעריש. ער איז ניט צו קוריק, אָבער עס בלייבט געצונג דאָס ניט דערזאָגטע, וואָס איז אפשר דאָס סאַמע וויכטיקסטע אין ליד".

## א. טאַבאַטשניק

„מאַנגער האָט די יידישע באַלאַדע דערהויבן צום ליטע־ראַרישן אויבן־אָן. זי האָט אויפגעהערט צו זיין אַ צוויט־

ראַנגיקער זשאַנער, אַדאַנק דעם וואָס זי איז ביי אים אַליין ניט געווען, ווי ביי אַנדערע ייִדישע פּאָעטן, אַ בייזאַך, נאָר דער ראש וראשון פֿון זיין שאַפֿן... מאַנגער האָט דער ייִדישער באַלאַדע אָפּגעגעבן דאָס בעסטע פֿון זיין טאַלאַנט. אין זיינע באַלאַדן זיינען פֿאַראַן מוסטערן סיי פֿון זיינע סופּערדעאַלע, בעלי חלומותדיקע וויזיעס, סיי פֿון זיין קאָנקרעט־קינסטלערישן און רעאַליסטישן באַנעם פֿון זאַכן. מיר געפֿינען אין זיינע באַלאַדן מוסטערן סיי פֿון זיין בילדערישער פֿראַזירונג און מעלאָדישער מאָדולירונג פֿון אַ פֿערז, אַ סטראָפֿע, סיי פֿון זיין דירעקטער, עמבדיקער און אידיאָמאַטישער פּשטות.

„אין „דעמערונג אין שפּיגל", ווי אויך אין די שפּעטערדיקע ביכער, איז מאַנגער רעזיגנירטער און ממילא שטילער, ליריש־פֿאַרטיפֿטער און טאַקע געלייטערטער. מאַנגער דערגרייכט אין די ביכער, ממש, אויף אַ „פּערפֿעקטן" אופֿן דעם וווּנדערלעכן סינטעז פֿון ליד און באַלאַדע... ווי אין די סאַמע בעסטע באַלאַדן מאַנגערס... איז שטאַרק דאָס געפֿיל פֿון מיכּר־טעריעזן. אַפֿילו די אויטאָ־ביאָגראַפֿישע לידער, ווו עס פֿיגורירן היימישע מענטשן, זיינען דערלאַנגט אין טערמינען פֿון העכערער באַלאַדישער רעאַליטעט. דאָס שטייגערישע, דאָס ווירקלעכע, דאָס אַלטעגלעכע, ווערן אין די לידער געגעבן אין אַספּעקט פֿון איבערנאַטירלעכן און אַלמעגלעכן...

„אין די דערמאָנטע ביכער קומט צום אויסדרוק מיט אַ באַזונדערער קראַפֿט מאַנגערס לירישע חכמה, זיין שפּילעוודיקייט און הומאָר, זיין פֿאַנטאַזיע און איינגעבוירענע דעליקאַטקייט. אָבער איבער אַלץ — זיין גלויבן אין פּאָעטישער שיינקייט, אַ גלויבן וואָס זינגט אַרויס פֿון די לידער, אַפֿילו ווען דער פּאָעט איז געגאַנגען אין שאָטן פֿון טויט".

## גרשון סאַפּאָזשניקאָוו

„אין מאַנגערס ליד ווערן האַרמאָניש צוזאַמענגעגאָסן אין איין מוזיקאַלישן אַקאָרד די צוויי ריינסטע און שענסטע עלעמענטן פֿון ייִדישן גייסט: פּאַטאָס און הומאָר. די פּאַטעטישע התלהבות, די טיפֿע עמאָציע, די פֿאַרליבטקייט אין מענטש, וועלט און גאָט, וואָס האָבן זייער העכסטע פֿאַרקערפּערונג

אין דער ביבל, און דער גוטמוטיקער שמייכל פון חסד און רחמים, וואָס האָט זיין געלייטערטן אויסדרוק אין די ווערק פון שלום עליכם, — די צוויי העכסטע דערגרייכונגען פון יידישן וועלט־געפיל, וואָס קוועלן אַרויס פון אַ גרויס יידיש האַרץ, זיינען אין אַ קריסטאַליזירטער פאָרם פאַרטראָטן אין איציק מאַנגערס עסטעטיק...

„איציק מאַנגער איז אַ ריז אין דער נאַציאָנאַלער און אויך אין דער אוניווערסיטאַלער פּאָעזיע, כאָטש ער איז נאָך ווייניק איבערגעזעצט אין פרעמדע שפּראַכן, און אויך נאָך ניט גענוג אָפּגעשאַצט אין אונדזער אייגענער ליטעראַטור. ער שיינט ווי אַ ווייטער שטערן אין הימל, וואָס זיין ליכט גייט צו דער ערד לאַנגע יאָרן.

„געבן אין קורצע שטריכן אַן אויסשעפּנדיק בילד פון מאַנגערס קינסטלערישער געשטאַלט, איז ווי מאַכן אַ פאָטאָגראַפיע פון קאָנטינענט אַ גאַנצן. וואָס מער אַזאַ בילד וועט אַרומנעמען, אַלץ ווייניקער וועלן זיך אָנזען די שאַטירונגען, פּרטים און ניואַנסן. און יעדער פּרט האָט גרויסע חשיבות אין דער מאַפּע פון מענטשלעכער נשמה און אין דער קינסטלערישער שאַפונג. און מאַנגער איז אַ דיכטער פון נשמות.״

דר׳ר א. מוקדוני

„„איציק מאַנגער איז דער י.־ל. פרץ פון דער עמבדיקער פאַלקסטימלעכקייט. איציק מאַנגער איז פּשוט און קלאָר, ער האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון פשטות, די פשטות פון עמך . . . ער איז פּשוט און פּראָסט אין זיינע וואונדערלעכע לירישע לידער, אין זיינע באַלאַדן . . . מאַנגערס „מדרש איציק״ איז לויטערדיק הומאָריסטיש. דער הומאָר באַשטייט אין דעם, וואָס די ווייטע אָבותדיקע וועלט ווערט פאַראייניקט, פאַראיצטיקט און פאַרפאָלקסטימלעכט, און דער עיקרשט — פאַרהיימישט . . .

צו אַלץ וואָס מאַנגער רירט זיך צו, ווערט פאַרוואַנדלט אין דיכטערישן גינגאָלד. מאַנגערס ליריק איז צאַרט און

כסדר דורכגעוועבט מיט אַ פֿרישן הומאָר, זי איז פֿאָלקסטימ־לעך פּשוט און אוניווערסאַל ראַפֿינירט.

„די ליריק מאַנגערס, ווי אַלע אַנדערע לידער זיינע, ווערן דורכגעבליצט מיט ביזאַרע איינפֿאַלן, מיט איינפֿאַלן וואָס מאַכן דאָס ליד זייגס אויסערסט פּיקאַנט און אויסערסט טשוי־קאַווע. ער האָט זיין אייגענעם צוגאַנג צו דער טעמע, אַ ריין־מאַנגערישן צוגאַנג, יאָ, די לידער מאַנגערס בליצן מיט איינ־פֿאַלן וואָס גיבן אַ שפּילעוודיקע פֿאַרב דעם ליד און אַ לויטערן געמיט. די איינפֿאַלן זיינען טעמאַטישע, שפּראַכלעכע און אגב אורחאדיקע. אָפֿט לייגן זיי זייער חותם אויפֿן ליד, אָפֿט זיינען זיי בלויז אַ חן־פּינטעלע. און דאָס חן־פּינטעלע באַחנט דאָס ליד, גיט אים דאָס מאַנגערישע.

„מאַנגער איז בכלל אַ דיכטערישע שיטה, ער איז אַ דיכ־טערישע שטרעמונג אין אונדזער פּאָעזיע. און אויב די דאָ־זיקע שיטה דאַרף נויטיק האָבן אַ נאָמען, קען זי הייסן — מאַנגעריזם".

## דבֿ סדן

„בעצם, באַמיט זיך די גאַנצע מאַנגער־קריטיק צו דערגיין דעם סוד פֿון דער איבעראַשנדיקער פֿרישקייט — צי איז עס דער באַזונדערער צוזאַמענפֿלעכט פֿון גרונטיקן תמימות און סופּערקלוגער איראָניע, צי דער באַזונדערער סינטעז פֿון פֿאָלקישן פּרימיטיוו און קינסטלערישער ראַפֿינעריע, צי גאָר אַן אַנדער מין שפּיל וואָס באַשטייט אין ענגער שכנות פֿון קעגנזאַצן.

עס איז, גראָפּיש גערעדט, אַ ספּיראַלער קרייז: דער אָנ־הייב, די הוים פֿון שניידערישן ליד; דער המשך — די הוים פֿון פֿאָלקסליד, און דער סוף — די הוים פֿון וועלט־ליד, און אין געראַנגל צווישן דריי הוימען צייטיקט אויס דאָס מאַנגע־רישע ליד — — — דער קאָנטרווירטער יחוס ווייזט דעם דיכטער ווי ער בויגט זיך איבער דעם רוי־מאַטעריאַל פֿון דער ענגער קינדערישער הוים, און לייגט אים אויפֿן וואַרשטאַט און מאַכט פֿון אים אַ כלי. אָבער ער פֿאַרשטעלט דעם דיכ־

טער ווי ער שטרעקט זיך צו די פֿולקאָמענקייטן פֿון דער בריטער דיכטערישער וועלט און לאָזט זיין כּלי אַפּראָבירן נישט לויט איר ווערט לגבי דעם רוי־מאַטעריאַל פֿון דער היים־דיכטונג אונטן, נאָר בעיקר לויט איר וואָג לגבי דעם אוצר פֿון דער וועלטדיכטונג אויבן".

## יחיאל האָפֿער

„טייל מאָל דאַכט זיך אויס, אַז דער סוד פֿון מאַנגערס פּאָעזיע ליגט פֿאַר מיר זייער, זייער נאָענט. דער סוד פֿון זיין ליד גייט נאָך זיין ליד ווי אַ שאָטן און רייצט דיך, דו זאָלסט אים וועלן פֿאַנגען און נישט אָפּלאָזן ביז וואַנען ער וועט זיך פֿאַר דיר נישט אַנטפּלעקן. אָבער וואָס מערער די דערנענטערסטו זיך צום שאָטנס־סוד פֿון מאַנגערס ליד, איז וועגן דעם סוד זיינעם ווערסטו גאָרניט געוווירע. סוד בלייבט סוד.

„ער קאָמפּליצירט נישט זיין ליד, עס זאָל אויסזען קאָמפּליצירט. דער אינהאַלט און די פֿאָרעם פֿון זיין ליד זיינען פּשוט בתכלית הפּשטות. אָבער מאַנגער פּשוטיזירט נישט אַז זיין ליד זאָל אויסזען פּשוט. ער שטעלט נישט אויפֿן וועג צו זיין ליד קיין שום מכשולים, נישט פֿון געמאַכטער קאָמפּליצירטקייט און נישט פֿון געמאַכטער פּשטות. פֿאַרקערט, ער נעמט אַוועק אַלע שטערונגען אויפֿן וועג צו זיין לידס עכטקייט. ער דערלאַנגט זיין ליד אַזוי, אין דער פֿאָרעם אין וועלכער עס איז געקומען אויף דער וועלט. ווער ס'ווייסט עפּעס וועגן מאַנגערס טעכניק, דער וועט דאָס וואָס איך זאָג לייכט פֿאַרשטיין.

„מאַנגער איז אָן שום ספֿק דער געבילדעטסטער פּאָעט ביי אונדז. ער איז אין דער וועלט־פּאָעזיע, ווי אין דער וועלט־ליטעראַטור בכלל, מער ווי ביי זיך אין דעם היים. אָבער ראַפֿינירטקייט איז נישט ביי אים קיין מיטל, נאָר עס ווערט ביי אים געוווירן צוזאַמען מיטן מקור פֿון זיין ליד, כ'וואָלט געזאָגט, מיט דער אידיי פֿון זיין ליד."

ה. ש. קאַזדאַן

## א. סוצקעווער

„אין מאַנגערס ליכטיקער פּאָעזיע, וואָס איז געוואָרן דאָס אייגנטום פון פאָלק, פירן אַ לעבן פאַר זיך אונטערדישע, פאַרהוילענע סודות און סימבאָלן. זיי וויברירן אין די קריש־טאָלענע שאָטנס פון איר לייכטער, פאַרביקער מוזיק, און זיי פאַרפאַנצערן זיינע לידער מיט אַן אייביקן חלום.

„זיין לייכטער פערז מאַכט לייכטער דעם געמיט. ס׳איז ווי אַ קינד וואָס וואַרפט מיט זיין שפּיגעלע אַ זון־פלעק אויף אַ זקן. אָט דער זוניקער שמייכל, וואָס איז איינער פון די סודות פון זיין מיסטעריעזער ליריק — און מאַנגער איז אויך ליריקער אין זיינע קלאַסישע באַלאַדן און חומש־לידער — מאַכט אים אַזוי אייגנדיק און פאָלקיש־נאָענט".

## שלמה ביקל

„איך ווייס ניט ווי אַזוי דאָס איז געשען, וואָס אונדזער קריטיק, וועלכע האָט בדרך כלל אָפּגעשאַצט דעם גרויסן קינסטלערישן ווערט פון מאַנגערס ליד און האָט אים, דעם זון פון זיין עקסעלענץ דעם שניידער־מייסטער, אַוועקגעזעצט נישט בלויז אין מזרח פון אונדזער פּאָעזיע, נאָר טאַקע, ווי ס׳קומט אים, אין דער סאַמע נאָענט פון אונדזער דיכטער־שן אָרון קודש, — האָט פונדעסטוועגן נישט דערשאַצט מאַנ־גערן, דעם פּראָזע־געשטאַלטער פון שמואל אבא אבערווא און פון הערשל זמערווינט... און די מעשיות וועגן הערשל זו־מערווינט זיינען, לפי דעתי, דער שענסטער מיזוג פון געטלע־לעכער הומאָר, פון וווּנדערלעכער פאַנטאַסטיק און פון וואָ־בעדיקערווירקלעכקייט, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו לייע־נען אויף יידיש".

## ש. ניגער

„מאַנגערס פערז איז אין פלוג אַזוי איינפאַך, אַזוי לייכט, אַזוי דורכזיכטיק, ווי די שורה אין אַ פאָלקסליד. אָבער ווי שווער אָנגעלאָרן ער איז! ווי ניט איינדייטיק און ווי טונקל עס איז די טיפעניש, וואָס ער עפנט פאַר אונדז. פונעם פאָלקס

נגלה ווערט ביי מאַנגערן נסתר, פונעם פאָלקס־רעאַליזם — ראָמאַנטיק; פונעם פאָלקס־פרימיטיוו — ראַפינירטע מייסטער־שאַפט...

„ער איז איינער פון אונדזערע לירישסטע ליריקער, און דאָך צייכנט ער זיך אויס מיט זיין אַרכיטעקטאָניק. אין זיין אויסגיסן דאָס האַרץ איז דאָ שעפערישע פלאַנירטקייט. עס פילט זיך קולטור אין זיין קולט פון געזאַנג".

## יעקב י. מייטליס

„. . . פאַרגעסן וועל איך קיינמאָל נישט צוויי באַגעגענישן מיט מאַנגערן, אַט דעם זעלטענעם מענטש און דיכטער: דעם אַפשייד־אָוונט ביי מיר אין הויז, איידער ער איז אַוועקגעפאָרן פון לאָנדאָן קיין אַמעריקע, און זיינע האַרציקע ווערטער צו אונדז אַלעמען. און צום באַדויערן מיין לעצטע באַגעגעניש אין גדרה, ווען ער איז געלעגן אַ שווער־קראַנקער, אויף דער „מאַטראַצן־גרופט" (היינעס אַ ווערטל). דאָס מויל פאַרשטומט, אָבער די אויגן לעבעדיק, פון וואָס עס האָט אַרויסגעקוקט אַזויפיל מורא און פיין. פאַרשטאַנען האָט ער אַלץ וועגן וואָס איך האָב מיט אים גערעדט און זיין רעאַקציע איז געווען אַ האַרציקע און אַ געגנוג לעבעדיקע, הגם זיינע יסורים און מיין האַרץ־ווייטיק איז געווען גאָר גרויס. „אוי לי שראיתיך בכך", האָב איך געטראַכט ביי מיר אין האַרץ. מיר האָבן זיך צעזעגנט. אַ שווער־ קושט בעת מיין אַוועקגיין, און ער האָט געוויינט. אַ שוויי־ דערלעכער אָנבליק!".

# אינהאַלט



דאָ בין איך אַלט געווען 20 יאָר, אין דער צייט האָב איך געשריבן
מיין ערשטע באַלאַדע „דאָס גאַסן־מיידל“, 1921.
(טעקסט פֿון א. מאַנגער)



א. מאַנגער און מ. ראַוויטש



א. מאַנגער און יוליאַן טובים, וואַרשע 1934



א. מאַנגער אויפֿן דאַך פֿון טלומאַצקע 13, וואַרשע 1934.
„די וועלט שאָקלט זיך״.




איציק מאַנגער און י. י. סיגאַל



געזעגענונג פֿאַרן אַוועקפֿאָרן פֿון לאָנדאָן 1951. שטייענדיק (פֿון רעכטס אויף לינקס): יצחק נתני, פֿרוי נתני, י. ווייסליץ, לעאָ קעניג, י. פּאָדרוזשניק (פּאַדראָ), גלאַזער (יאָהאַנעסבורג), יעקב מייטלים, יוסף לעפּטוויטשי אָקין.
זיצנדיק: פֿרוי קעניג, א. מאַנגער, מאַרגאַרעט וואַטערהאַוז, פֿרוי אָקין, זודית מייטלים.



ביים אַריינגאַנג אין די היילן, ווו מען ריכט אָפּ תּפילות פֿאַר די אומגעקומענע יידן — יד ושם ירושלים.